ביבליאטעק „ארבייטער פריינד" נומ. 2.

# דער
# עקאנאמישער ליגען.

— פֿון —

ד"ר. מאקס נארדוי.

איבערזעצט פֿון ר. ראָקער.

פרייז:

אין ענגלאַנד 3 פענס, — אַמעריקאַ 10 סענט.

געדרוקט און הערויסגעגעבען פֿון די גרופע „אַרבייטער פריינד"
לאָנדאָן, פֿעברואַרי 1904.



# רייכטהום און ארמוטה.



קיינער פֿון די סאָציאַלע איבלען, וועלכע אונזער צוויליזאַציאָן האָט פֿעראורזאַכט, ווערט ניט געפֿיהלט פֿון דער גרויסער מאַיאָריטעט מענשען אַזוי שטאַרק און פֿאָרטוועהרענד, ווי דער עקאָנאָמישער איבעל. עס גיט מענשען, וועלכע בעשעפֿטיגען זיך קיינמאָל ניט מיט איבער נאַטירליכע און מעטאַפֿיזישע פֿראַגען, פֿאַר זיי איז גאַנץ גלייכגילטיג, צו גאָט עקזיסטירט אָדער די מאַטעריע; די ענציקליקאַ* פֿון'ם פאַפּסט האָט פֿאַר זיי דעמזעלבען ווערטה ווי די דעסצענדענץ-טהעאָרי** און די בעגריפֿע גלויבען אָדער וויסען שפּילען ביי זיי קיין ראָלע ניט. אויך די פּאָליטיק לאָזט פֿילע מענשען פֿאָלשטענדיג קאַלט אונדי צאָהל פֿון פּערזאָנען, וועלכע קימערען זיך גאַנץ וועניג, צו מע רעגירט זיי אים נאָמען פֿון אַ פּערזענליכען הערשער, אָדער אים נאָמען פֿון אַן אונפּערזענליכער רעפּובליק, אַזוי לאַנג ווי דער שטאַט מאַניפֿעסטירט זיך פֿאַר זיי אויסשליסליך אין דער געשטאַלט פֿון אַ פּאָליציסט, אַ שטייער-איינגעהמער אָדער אַ דיאַדקאָ, איז פֿיל גרעסער, ווי פֿילע גלויבען. עס גיט אָבער ניט קיין קולטור-מענש, וועלכער בעשעפֿטיגט זיך ניט יעדען טאָג מיט דער פֿראַגע פֿון זיין פֿערדינסט און זיינע אויסגאַבען. זאָגאַר דער דומסטער און צוריקגעבליבענסטער מענש ווערט בעאיינפֿלוסט דורך די טעגליכע ערשיינונגען פֿון'ם עקאָנאָמישען לעבען. ווער עס האָט נאָר אין זיך אַ שפּור פֿון בעוואוסטזיין, פֿיהלט געוויסע מאַטעריעלע בעדירפֿניסע, ער איז אונצופֿרידען מיט די שוויריג־קייטען, וועלכע שטעלען זיך איהם ענטגעגען און עמפּעהרט זיך, ווען ער געפֿינט ניט די מעגליכקייט זיי צו בעפֿרידיגען. מיט אַ ביטערען געפֿיהל פֿערגלייכט ער די אַנשטריינגונגען פֿון זיין אַרבייט מיט דעם גענוס, וועלכען זי פֿערשאַפֿט איהם און ער בעטראַכט די נאַטור פֿאַר אַ שטיפֿמוטער, וועלכע גיט צו אַנדערע אַלעס און צו איהם אַליין גאָרנישט.

---

*) ענציקליקאַ איז אַן עפֿענטליכע ערקלעהרונג פֿון'ם פאַפּסט, אין וועלכע די קאַטוילישע קירכע נעהמט שטעלונג צו אירגענד וועלכע פֿראַגען פֿון בעזאָנדערער וויכטיגקייט. די ענציקליקאַ גילט פֿאַר אונפֿעהלבאַר.

**) דעסצענדענץ-טהעאָרי, מיינט די לעהרע פֿון ענטוויקלונג, וועלכע אַנער-קענט קיינע צופֿעליגקייטען און אַבגעשלאָסענהייטען אין דער נאַטור, זאָנדערען אַ נאַטירליכען ענטוויקלונגס-פּראָצעס פֿון נידריגע פֿאָרמען צו אימער פֿאָלקאָמענערע.

הונגעריג פּיהלט מען זיך אַלע פּאָר שטונדען, מיד איז מען אָם ענדע פֿון יעדען אַרבייטס־טאָג; יעדעס מאָל, ווען אונזערע אויגען זעהען אַ אַך, וועלכע געפּעלט אונז, פּיהלען מיר דאָס בעדערפֿניס, איהר צו בעזיצען, דען דיזער נאַטירליכער אינסטינקט איז ניט מעהר ווי די מאַני־פֿעסטאַציאָן פֿון אונזער אינדיווידואַליטעט, און אַזוי זיינען מיר געצוואונגען דורך אונזער גאַנצען קערפּערליכען צושטאַנד זיך פֿאָרטוועהרענד צו בעשעפֿטיגען מיט דער עקאָנאָמישער פֿראַגע און צו פֿערגלייכען אונזער פּערזענליכע שטעלונג אין דעם אַלגעמיינעם פּראָצעס פֿון פּראָדוקציאָן און קאָנסומציאָן. עס גיט ניט קיין געזעלשאַפֿטליכעס פּראָבלעם, וועלכעס איז אימשטאַנדע די מאַסען אויף אַזוי פֿיל אויפֿצורעגען, ווי די עקאָנאָמישע פֿראַגע. אין מיטעלאַלטער האָט מען בעוועגט מיליאָנען, ווען מע האָט גערעט פֿון דער רעליגיאָן; אָם ענדע פֿון דעם 18טען יאָהרהונדערט און זאָגאַר נאָך ביז אין מיטען פֿון דעם 19טען יאָהרהונדערט האָבען די פֿעלקער זיך בעגייסטערט פֿאַר די אידעאַלע בעדירפֿניסע דער אויפֿקלעהרונג און פֿאַר די פּאָליטישע פֿרייהייט. היינט הערט מען נאָר דעם געשריי פֿאַר ברויט, וועלכער דריקט אויס די בעדירפֿניסע פֿון די מאַסען. דיזער געשריי איז דער גאַנצער אינהאַלט פֿון אונזער פּאָליטיק, וועלכע פֿערזוכט פֿילע מאָל אָבצוציהען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די פֿעלקער דורך סענזאַציאָנעלע קאָמעדיאַנטען־שפּילע, דורך מלחמות און קאָלאָניזאַציאָן, דורך דינאַסטישע פּורים־שפּילעריי און פּאַרלאַמענטאַרישע פּלוידערייען, דורך העצערייען געגען איינצעלנע געזעלשאַפֿטס־קלאַסען און זאָגענאַנטע רעפֿאָרמען, אָבער שטענדיג האָט דער דרוק פֿון דער עפֿענטליכער מיינונג די רעגירונגען געצוואונגען, זיך ווידער צו בעשעפֿטיגען מיט דער גרויסער וועלט־פֿראַגע, מיט דעם עקאָנאָמישען פּראָבלעם.

קרייץ־ציגע, אום צו בעפֿרייען דעם הייליגען קבר, זיינען היינט אַ זאַך דער אונמעגליכקייט, מע שלאָגט זיך היינט פֿאַר אַ גאָלדענע פֿליס*, פֿאַר אַ געזעלשאַפֿטליכען וואָהלשטאַנד; מע מאַכט מעהר קיינע רעוואָלוציאָנען פֿאַר אַ פּאַפּירענע קאָנסטיטוציאָן און דעמאָקראַטישע שלאַגווערטער, נאָר פֿאַר וויניגער אַרבייט און בעסערע עסענס.

אין קיין צייט איז דער געזעלשאַפֿטליכער געגענזאַץ צווישען רייכע און אָרעמע ניט געוועזען אַזוי שטאַרק און געוואַלדיג, ווי היינט צו טאָג. דיאיעניגע נאַציאָנאַל־עקאָנאָמען, וועלכע פֿאַנגען אָן זייערע וויסענשאַפֿטליכע ווערק מיט דער אַלטער בעהויפּטונג, אַז דער פּאָפּעריזמוס, די אַרמוטה איז שוין אַזוי אַלט, ווי די מענשהייט זעלבסט, שפּילען לייכטזיניג אָדער בעטריגעריש מיט פּוסטע ווערטער. עס גיט אַן אַבסאָלוטע אַרמוטה און אַ רעלאַטיווע

*) דאָס גאָלדענע פֿליס מיינט אַ גאָלדענע שעפּסען־פֿעל, וועלכע שפּילט אין דער גריכישער מיטהאָלאָגיע אַ בעדייטענדע ראָלע. אום די גאָלדענע פֿעל צו עראָבערען, האָבען זיך די גרעסטע העלדען פֿון גריכענלאַנד פֿעראייניגט אין אַ קריגס־צוג, וועלכער איז בעקאַנט אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען דער אַרגאָנאַוטען־ציג

אַרמוטה. אַבסאָלוטע אַרמוטה איז אַזאַ צושטאַנד, וואו דער מענש איז ניט אימשטאַנדע צו בעפֿרידיגען זיינע ווירקליכע בעדירפֿניסע, ד. ה. די יעניגע בעדירפֿניסע, וועלכע ווערען דירעקט פֿעראורזאַכט דורך זיין אָרגאַנישע לעבענס־טהעטיגקייט. ווען אַ מענש האָט ניט גענוג נאַהרונג, אָדער ווען ער קען נאָר בעקומען זיין טעגליכע נאַהרונג דורך אַזעלכע אַנשטריינגונגען, וואָס רויבען פֿון איהם אַוועק די נויטהיגע רוה, וועלכע זיין אָרגאַניזמוס פֿאָדערט, אום ער זאָל ניט אָבשטאַרבען און לאַנגזאַם צו גרונדע געהן, דאַן לעבט ער אין אַבסאָלוטער אַרמוטה. רעלאַטיווע אַרמוטה מיינט די ניטבעפֿרידיגונג פֿון אַזעלכע בעדירפֿניסע, צו וועלכע דער מענש איז קינסטליך צוגעוואוינט געוואָרען, וועלכע זיינען אָבער ניט אונבעדינגט נויטווענדיג צו ערהאַלטען זיין לעבען אין געזונדהייט. געוועהנליך קומט דער אינדיווידואום ערשט צום בעוואוסטזיין פֿון אַזעלכע בעדירפֿניסע, ווען ער פֿערגלייכט זיין אייגענע לעבענס־אויפֿפֿיהרונג מיט דער לעבענס אויפֿפֿיהרונג פֿון אַנדערע.

דער אַרבייטער פֿיהלט זיך אָרעם, ווען ער האָט ניט וואָס צו רויכערען אָדער ווען ער קען ניט טרינקען אַ גלעזעל בראַנפֿען; די קרעמערקע פֿיהלט זיך אָרעם, ווען זי קען זיך ניט קויפֿען אַ זיידענע קלייד און אויספוצען איהר וואוינונג מיט איבערפֿליסיגע מעבעל; דער מאַן פֿון אַ בעסערע פראָפֿעסיאָן פֿיהלט זיך אָרעם, ווען ער קען ניט אָבשפּאָרען אַ קליינעם קאַפּיטאַל פֿאַר די עלטערע יאָהרען אָדער צו פֿערזיכערען די צוקונפֿט פֿון זיינע קינדער. דיזע זאָרט אַרמוטה איז ניט נאָר אַ רעלאַטיווע, דען פֿאַר דעם אַרבייטער איז די קרעמערקע שוין אַ רייכע און אַ רייכער אַריסטאָקראַט, וועלכער איז אויפֿגעוואַקסען אין איבערפֿלוס, וואָלט דאָרטען געזעהן אָרעמקייט, וואו אַ קליינער בעאַמטער אָדער אַ בוכהאַלטער וואָלט געזעהן דעם גרעסטען לוקסוס; זי איז אויך אַ סוביעקטיווע אַרמוטה, דע זי עקזיסטירט נאָר אין די איינבילדונגס־קראַפֿט פֿון דעם בעטרעפֿענדען אינדיווידואום און די ניטבעפֿרידיגונג פֿון אַזעלכע בעדירפֿניסע קען ניט בריינגען קיין שאַדען פֿאַר זיין אָרגאַניזמוס. מיט איין וואָרט, דיזע זאָרט אַרמוטה איז קיין פֿיזיאָלאָגישע אַרמוטה און שוין דער אַלטער ד י אָ ג ע נ ע ס האָט געצייגט, אַז די רעלאַטיווע אַרמוטה איז נאָר דער גרענעץ פֿון דעם סוביעקטיווען גליקס־געפֿיהל, און דאָס מע קען זיך געפֿינען גאַנץ גוט, אַזוי לאַנג ווי מע קען בעפֿרידיגען די נויטווענדיגע בעדירפֿניסע פֿון דעם קערפּער.

פֿאַר דעם קולטור־מענש פֿון אונזער צייט, וועלכער איז אַ שקלאַף פֿון אַלע געוואוינהייטען און בעדירפֿניסע דער צוויליזאַציאָן, שיינט עס, דאָס די גרויסע מאַיאָריטעט דער מענשהייט האָט שטענדיג געלעבט אין רעלאַ־טיווער אַרמוטה און וואָס ווייטער מע בליקט צוריק אין דער פֿערגאַנגענ־הייט אַלס גרעסער איז געווען די רעלאַטיווע אַרמוטה. די קליידער פֿון די מענשען זיינען געווען ניט אַזוי פֿיין ווי היינט און ניט אַזוי אָפֿט

געוועקסעלט געוואָרען ווי היינט; זייערע וואוינונגען זיינען געווען שלעכטער ייע־ נאַהרונג איינפֿאַכער, זייערע געצייג ניט אַזוי אויסגעפֿיינערט; זיי האָבען ניט געהאַט אַזוי פֿיל געלט און זייער היים איז געווען וויניגער אויסגעצירט. אָבער דיזע רעלאַטיווע אַרמוטה איז ניט געווען אַזוי שרעקליך נאָר אַ געדאַנקענלאָזע ליאַלקע געפֿינט עס טראַגיש, ווען די פֿרוי פֿון אַ עקסקימאָס קליידעט זיך אָן מיט די פֿעל פֿון אַ ים־הונד, אום זיך צו בעשיצען געגען די קעלט, אָנשטאָט אַ זיידענע קלייד, און איך צווייפֿעל זעהר שטאַרק, דאָס דער וואונש פֿון הענריך דעם 4טען, אַז יעדער בויער זאָל האָבען פֿאַר זונטאָג אַ הון אין טאָפּ, האָט ווירקליך בעגייסטערט די בויערען, אַזוי לאַנג ווי זיי האָבען געהאַט די מעגליכקייט זיך צו זעטיגען מיט רינד־פֿלייש. אָבער די אַבסאָלוטע, די פֿיזיאָלאָגישע אַרמוטה איז נאָר די פֿאָלגע פֿון אַן אונגעזונטער צוויליזאַציאָן. אים נאַטור־צושטאַנד דער מענשהייט און זאָגאַר נאָך אין די ערשטע פעריאָדען דער קולטור איז אַזאַ צושטאַנד אונמעגליך. די ערשטע און וויכטיגסטע לעבענס־טהעטיגקייט פֿון יעדען אָרגאַנישען וועזען, פֿון דער מאָנאַדע* ביז צום העלפֿאַנט, פֿון דער באַקטעריע** ביז צום אייכענבוים איז דאָס בעדערפֿניס צו זוכען גענוג נאַהרונג פֿאַר דער עקזיסטענץ. ווען עס געפֿינט ניט גענוג נאַהרונג שטאַרבט עס אָב און געהט צו גרונדע. אָבער קיין אָרגאַנישעס וועזען פאַסט זיך פֿרייוויליג צו צו אַ שטענדיגען מאַנגעל אין די עקזיסטענץ־מיטלען. דאָס איז אַ ביאָלאָגישעס געזעץ, וועלכעס בעהערשט אויך דעם מענשען. דער פרימיטיווער מענש אונטערוואַרפֿט זיך ניט רוהיג און שטילשווייגענד דער נויט; ער בעקעמפֿט און בעזיגט איהר אָדער ער ווערט זעהר שנעל בעזיגט פֿון איהר. איז ער אַ יעגער און די טהירע פֿון וואַלד פֿערלאָזען די געגענד, אין וועלכע ער וואוינט, וועט ער אויפֿזוכען אַ בעסערע שטיק לאַנד. איז ער אַן אַקערבויער און די ערד, וועלכע ער בעאַרבייט איז ניט גענוג פֿרוכטבאַר, וועט ער פֿערלאָזען דאָס לאַנד, אויף וועלכע ער לעבט, אין דעם אויגענבליק, וואָס ער בעקומט די נאַכריכט פֿון בעסערע און פֿרוכטבאַרערע געגענדען. ווען עס געפֿינען זיך אַנדערע מענשען, וועלכע פֿערהינדערען איהם אין זוכען זיין נאַהרונג, גרייפֿט ער זיי אָן; ער הרג׳עט אָדער ווערט גע׳הרג׳עט. דער איבערפֿלוס איז דאַן דער פרייז פֿאַר זיין קראַפֿט, דער לוין פֿאַר זיין ענטשלאָסענהייט.

אַזוי האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דער שטראָם פֿון דער פֿעלקערוואַנדערונג. די מענשען פֿון אונפֿרוכטבאַרע געגענדען האָבען פֿערלאָזען זייער היימאַטה, אום צו עראָבערען די לענדער, וועלכע די נאַטור האָט געבענשט. דער אורשפרונג פֿון דעם העלדענמוטה פֿון אַ ג י י ס ע ר י ך*, אַן אַ ט י ל אַ**,

*) מ אָ נ אַ ד ע איז די קלענסטע לעבענספֿאָרם און דער איינפֿאַכסטער לעבענס־אָרגאַניזמוס.

**) ב אַ ק ט ע ר י ע ן זיינען די קלענסטע געוויקסע אין דער פֿלאַנצען־וועלט.

*) ג י י ס ע ר י ך איז געווען אַ קעניג פֿון די וואַנדאַלען, אַ האַלבווילדער דייטשער פֿאָלקס־שטאַם, וועלכער האָט געגרינדעט אַ בעזונדערע קעניגרייך אין נאָרד־אַפֿריקאַ.

אַ ד ז ש י נ ג י ס־כ אַ ן*** אָדער אַ ו ו י ל ה ע ל ם פֿ ו ן נ אָ ר מ אַ נ ד י**** איז דער מאָגען, און אויף די בלוטיגסטע און בעריהמטעסטע שלאַכט־פֿעלדער, פֿון וועלכע די פּאָעטען זינגען, ווערט ענטשידען מיט פֿייער און אייזען די פֿראַגע פֿון אַ מאָהלצייט. מיט איין וואָרט, דער פּרימיטיווער מענש דולדעט ניט די ווירקליכע אַרמוטה, ד.ה. דעם הונגער. ער קעמפּט געגען דאָס שטילע עלענד און עראָבערט זיך דעם איבערפֿלוס אָדער ער פֿאַלט דורך דעם שווערד פֿון זיינע פֿיינדע, איידער די נויט האָט איהם לאַנגזאַם געטויטעט. אויך אין אַ צוויליזירטען צושטאַנד, וועלכער גרינדעט זיך נאָך אויף די פֿהיזיאָקראַטי*, איז די ווירקליכע אַרמוטה אונמעגליך. אַזוי לאַנג ווי א פֿאָלק קען נאָר דעם אַקער־בוי, די פֿיה־צוכט און די הויז־אינדוסטרי, קען עס אָרעם זיין אין ערעלע מעטאַלען און אין לוקסוס געגענשטענדע, אָבער זיינע מיטגלידער האָבען אימער גענוג צו עסען. ערשט דאַן, ווען דער מענש פֿערלירט די פֿערבינדונג מיט דער מוטער ערד, ווען ער רייסט זיך אָב פֿון דעם טרייען אַקער און פֿערלאָזט די גרויסע פֿרייע נאַטור, וועלכע פֿערזאָרגט איהם מיט ברויט און פֿרוכט, מילך און בהמות, פֿיש און יאַגד־טהירע, ערשט דאַן ווען ער בעהאַלט זיך הינטער די מויערען פֿון דער שטאָט און גיט אָפּ זיין אַנטהייל פֿון דער ערד, ווען ער קען ניט מעהר אַרויסנעהמען מיט זיינע אייגענע הענד די פּראָדוקטע פֿון דער טהיר־און פֿלאַנצען־וועלט אויס דעם גרויסען מאַגאַזין דער נאַטור, אום צו בעפֿרידיגען זיינע נויטווענדיגע בעדירפֿניסע, ערשט דאַן, ווען ער איז געצוואונגען אויסצוטוישען די פּראָדוקטען פֿון זיין אינדוסטריעלער אַרבייט געגען די נאַטור־פּראָדוקטען, וועלכע זיינען מאָנאָפּאָליזירט געוואָרען פֿון אַנדערע, ערשט דאַן גיט עס אַ מעגליכקייט, דאָס אַ קליינע מינאָריטעט זאָל קאָנצענטרירען אַלע רייכטהימער אין איהרע הענד און די גרויסע מאַסע זאָל לעבען אין אַ צושטאַנד פֿון אַבסאָלוטער אַרמוטה און פֿיזיאָלאָגישען עלענד.

אַ נאַציאָן, וועלכע בעשטעהט פֿון פֿרייע בויערען איז קיינמאָל ניט אָרעם. זי קען ערשט דאַן אָרעם ווערען, ווען איהרע מיטגלידער שמאַכטען

---

אין 455 האָט גייסעריך עראָבערט רוים און זיינע ווילדע קריגער האָבען צושטערט פֿילע קאָסטבאַרע קונסטווערק.

**) אַ ט י ל אַ איז געוועזן דער קעניג פֿון די הונען, וועלכע זיינען געקומען פֿון אַזיען און זיינען איבערפֿאַלען אייראָפּאַ. ער איז געוועזן דער פֿערוואוזאַכער פֿון דער זאָגענאַנטער פֿעלקער־וואַנדערונג, דען איבעראַל זיינען די פֿעלקער ענטלאָפֿען פֿאַר איהם. אין 451 איז ער בעזיגט געוואָרען פֿון די פֿעראייניגטע דייטשען און רוימער אין דער בלוטיגער שלאַכט פֿון שאַלאָן. נאָך זיין טויט איז זיין קעניגרייך זעהר גיך צופֿאַלען געוואָרען.

***) ד ז ש ע נ ג י ס־כ אַ ן איז געוועזן אַן אַזיאַטישער דעספּאָט און עראָבערער.

****) ו ו י ל ה ע ל ם פֿ ו ן נ אָ ר מ אַ נ ד י איז איבערפֿאַלען ענגלאַנד מיט אַ אַרמיע, האָט די ענגלענדער בעזיגט אין דער בלוטיגער שלאַכט ביי הייסטינגס אין 1066 און איז געוואָרען קעניג פֿון ענגלאַנד.

*) פֿ ה י ז י אָ ק ר אַ ט י איז אַ געזעלשאַפֿטליכער צושטאַנד, אין וועלכען די מענשליכע פּראָדוקציאָן בעשעפֿטיגט זיך אויסשליסליך מיט אַקער־בוי.

אונטער דעם יאָך פֿון פֿעאָדאַליזמוס, ווען די באַראָנען רויבען אַוועק פֿון זיי די פּראָדוקטען פֿון זייערע אַקערס, ווען זיי צווינגען זיי דורך אַנדערע אַרבייטען צו פֿערנאַכלעסיגען די ערד, אָדער ווען די שטעט ווערען אַזוי צאָהלרייך, דאָס זיי ציהען אַוועק אַ גרויסען טהייל דער נאַציאָן פֿון׳ם לאַנד. די מאָדערנע צוויליזאַציאָן פֿעראורטהיילט אַ גרויסען טהייל פֿון פֿאָלק, וועלכע פֿערגרעסערט זיך מיט יעדען טאָג, צו אַבסאָלוטער אַרמוטה, מיט דעם וואָס זי פֿערגרעסערט די שטעט אויף די קאָסטען פֿון דער לאַנד־בעפֿעלקערונג, מיט דעם וואָס זי בעגינסטיגט די ענטוויקלונג פֿון דער גרויס־אינדוסטרי אויף די קאָסטען פֿון דער טהיר־און פֿלאַנצען־פּראָדוקציאָן; אַזוי ענטוויקעלט זיך אַ צאָהלרייכע פּראָלעטאַריער־קלאַסע, וועלכע בעזיצט ניט קיין שטיקעל ערד, וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגען, אַ קלאַסע, וועלכע איז אַרויסגעריסען געוואָרען אויס די געוועהנליכע און נאָרמאַלע בעדינגונגען פֿון׳ם מענשליכען דאַזיין, און וועלכע מוז שטאַרבען פֿון הונגער אין דעם אויגענבליק, ווען עס פֿערמאַכען זיך די פֿאַבריקען און וואָרקשאָפּס, און ווען קיינער וויל מעהר ניט קויפֿען זייער אַרבייטס־קראַפֿט.

אין אַזאַ צושטאַנד לעבען געגענוואַרטיג אַלע פֿעלקער אין מעריב־איראָפּאַ, וועלכע מע בעטראַכט געוועהנליך פֿאַר די רייכסטע און צוויליזירטעסטע. זיי טהיילען זיך אָפּ אין אַ קליינע מינאָריטעט, וועלכע לעבט אין גרעסטען לוקסוס און איבערפֿלוס, און וועלכע ליידעט טהיילווייז פֿון אַ ריכטיגען פֿערשווענדונגס־וואַהנזין — און אַ גרויסע מאַסע, וועלכע קען נאָר עקזיס־טירען אונטער די שרעקליכסטע אַנשטריינגונגען, און וועלכע קען טראָץ די שווערע אַרבייט ניט מאַכען קיין אַנשטענדיגען לעבען.

די מינאָריטעט ווערט מיט יעדען טאָג רייכער, דער געגענזאַץ פֿון איהרע מיטגלידער און דאָס פֿאָלק ווערט אימער גרעסער און געוואַלדיגער און זייער איינפֿלוס אין דער געזעלשאַפֿט וואַקסט פֿון טאָג צו טאָג. ווען מע רעדט היינט וועגען דער וואַהנזיניגער פֿערשווענדונג פֿון אונזערע מיליאָנערען און מיליאַרדערען, געפֿינען זיך געוויסע קולטור־היסטאָריקער, וועלכע הויבען אָן מיטליידיג צו שמייכלען איבער אונזער אונוויסענהייט און בעווייזען אונז מיט אירגענד אַ לאַטיינישער שמאַטע, דאָס אין דער צייט פֿון׳ם רוימישען קייזעררייך און זאָגאַר אין מיטעלאַלטער איז דער אונטערשיד צווישען רייכע און אָרעמע פֿיל גרעסער געווען ווי היינט צו טאָג. אַזעלכע בעהויפּטונגען זיינען ניט מעהר ווי אַ לעבערליכער געלעהרטער שווינדעל. רייכטהימער ווי די פֿון אַ וואַנדערבילד, אַ באַראָן הירש, אַ ראָטשילד אָדער אַ קרופּ, רייכטהימער פֿון הונטערטער מיליאָנען מאַרק, האָבען אין מיטעלאַלטער ניט עקזיסטירט. אין אַלטערטהום האָט פֿילייכט אַ סאַטראַפּ* אָדער אַ פּראָקאָנסול**, נאָכדעם ווי ער האָט

*) סאַטראַפּ איז געווען דער נאָמען פֿון יעדען שטאַטהאַלטער אין אַלטען פּערזיען.

**) פּראָקאָנסול איז אַ רוימישער שטאַטהאַלטער, פֿערוואַלטער פֿון אַ געוויסע פּראָווינץ אָדער לאַנד.

אויסגערויבט אַ גאַנצע פּראָווינץ אָדער אַ גאַנצען וועלט־טהייל, געהאַט פּונקט אַזעלכע רייכטהימער, אָבער אַזאַ פערמעגען האָט נאָר עקזיסטירט פאַר אַ קורצע צייט. אַזעלכע רייכטהימער זיינען געווען ווי די אוצרות אין אַ צויבער־געשיכטע, מע האָט זיי היינט געוואונען און מאָרגען פערלאָרען. זייער בעזיצער האָט געטרוימט אַ קורצען טרוים, פון וועלכען די וואַפע פון אַ מערדער, די פערפאָלגונגען פון אַ הערשער און דער צונעהמען פון זיין פערמעגען האָט איהם באַלד אויפגעוועקט. דאָס אַזעלכע פערמעגענס זאָלען זיך האָבען איבערגעטראָגען בירושה פון פאָטער צום זון נאָר דורך דריי גענעראַציאָנען און דאָס זייערע בעזיצער זאָלען האָבען געקענט געניסען אין צופרידענהייט זייערע רייכטהימער, פאַר דעם געפינט זיך ניט אין דער גאַנצער געשיכטע פון׳ם רוימישען קייזעררייך און אויך אין דער אָריענטאַלישער געשיכטע קיין איינציגער ביישפיל. אויך זיינען די מיליאָנערען און מיליאַרדערען דאַן פיל זעלטענער געווען ווי היינט, דען אין ענגלאַנד אַליין גיט עס 800 ביז 1000 פּריוואַט־מענשען, וועלכע בעזיצען אַריבער פינף מיליאָן מאַרק פערמעגען און די צאָהל פון די מיליאָנערען אין גאַנץ אייראָפּאַ — ניט רעכענענדיג אַמעריקאַ און די איבריגע וועלטטהיילען — בעטרעפט וויניגסטענס הונדערט־טויזענד, אויב ניט מעהר. אָבער אין קיין צייט האָט עס אויך ניט געגעבען אַזאַ געוואַלדיגע מאַסע פון בעזיצלאָזע אינדיווידוען, אַבסאָלוטע אָרעמע אין דעם זין ווי איך האָב עס פריהער דעפינירט, מענשען, וועלכע הויבען זיך אויף אין דער פריה פון זייער געלעגער, ניטוויסענדיג, וואו זיי וועלען געפינען עטוואָס צו עסען וועהרענד דעם גאַנצען טאָג און אַ געלעגער פאַר דער קומענדער נאַכט. עס איז וואַהר, דער שקלאַף אין אַלטערטהום אָדער דער לייב־אייגענער אין מיטעלאַלטער זיינען אויך געווען בעזיצלאָזע מענשען, דען זיי אַליין זיינען געווען אַ שטיק אייגענטהום פון זייערע הערען, אָבער זיי האָבען געהאַט די מעגליכקייט צו בעפרידיגען זייערע נויטווענדיגע בעדירפניסע, דען זייערע הערען האָבען זיי פערזאָרגט מיט קליידונג, נאַהרונג און וואוינונג. אין מיטעלאַלטער זיינען נאָר די וואַגאַבונדען, שוואַרץ־קינסטלער און ציגיינער געווען ריכטיגע פּראָלעטאַריער. קיין זאַך אויף דער וועלט איז ניט געווען זייער אייגענטהום, אין ערגעץ איז ניט געווען קיין טיש געדעקט פאַר זיי, די מיטעלאַלטערליכע רעכטס־אַנשויאונג האָט זיי אפילו ניט געגעבען די טהעאָרעטישע בערעכטיגונג צו דיינקען, אַז די פריכטע דער נאַטור עקזיסטירט אויך פאַר זיי. אָבער אום אַרויס צו קומען פון דעם עלענד, צו וועלכען די אַלטע געזעלשאַפט האָט זיי גרונדזעצליך פעראורטהיילט, האָבען זיי זיך געהאָלפען דורך בעטעליי, גניבה און רויב, און אָבוואָהל די מעהרסטע פון זיי זיינען געשטאָרבען אויף׳ן גאַלגאַז אָנשטאָט פון אַלטערס שוואַכקייט, זיינען זיי דאָך געוועהנליך זאַט און פרעהליך געווען ביז צום עשאַפאָט.

דאָס מאָדערנע פּראָלעטאַריאַט אין די גרויסע שטעט האָט קיינע

פֿאָרגעננגער אין דער געשיכטע ; עס איז אַ קינד פֿון אונזער צייט. דער מאָדערנער פּראָלעטאַריער איז עלענדער און אָרעמער פֿון דעם שקלאַף אין אַלטערטהום, דען ער האָט ניט קיין הער, וועלכער זאָל איהם געבען צו עסען און זיך זאָרגען פֿאַר זיין עקזיסטענץ, און אָבוואָהל ער איז פֿרייער ווי דער שקלאַף, בעשטעהט דאָך דער גרעסטער טהייל פֿון זיין פֿרייהייט אין דעם, וואָס ער קען פֿריי שטאַרבען פֿון הונגער. ער לעבט נאָך צום מאָל ניט אַזוי גוט ווי דער "אונעהרליכער מאַן(:)" אין מיטעלאַלטער, דען ער בעזיצט ניט די פֿרייע אונאַבהייננגיגקייט פֿון דעם אויסגעשטויסענעם וואַגאַבונד, ער רעוואָלטירט זעהר זעלטען געגען דער געזעלשאַפֿט און ער האָט ניט דעם מוטה צוצונעהמען דורך גניבה און רויב, דאָס וואָס די געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג גיט איהם ניט.

דער רייכער בעזיצט אַלזאָ היינט מעהר און דער אָרעמער ווייניגער, ווי אין די אַמאָליגע צייטען. אויך דער פֿערשווענדונגס וואַהנזין פֿון די רייכע איז היינט גרעסער ווי אַמאָל געווען. מע דערצעהלט אונז שטענדיג פֿון די מאָהלצייטען פֿון לוקולוס*, וועלכע בעשעפֿטיגען נאָך היינט אַ געוויסע סאָרט היסטאָריקער און אַרכעאָלאָגען**. אָבער וואו איז דער מענש, וועלכער קען אונז בעווייזען, דאָס אין אַלטען רוים האָט מען פֿעסטע אַראַנזשירט, וועלכע האָבען געקאָסט אַריבער 400,000 מאַרק, ווי דער באַל פֿון אַ נויאָרקער קרעסוס***, פֿון וועלכען די צייטונגען האָבען אונז קירצליך בעריכטעט ? אַ פּריוואַט-מאַן, וועלכער האָט זיינע געסט געגעבען נאַכטיגאַלען-צונגען-פּאַסטעטען צו עסען אָדער אַ גריכישע העטערע****, וועלכע האָט פֿערשיינקט אין רוים עטליכע הונדערט-טויזענד סעסטערצען האָבען ארויסגערופֿען אַזאַ סענזאַציאָן, דאָס אַלע דאַמאָלדיגע און שפּעטערע סאַטיריקער און היסטאָריקער האָבען זיך בעשעפֿטיגט מיט דעם. היינט רעט קיין מענש ניט פֿון די טויזענדער געלד-אַריסטאָקראַטען, וועלכע גיבען אויס 200,000 מאַרק פֿאַר אַן אַלטע קונסטווערק אָדער 600,000 מאַרק פֿאַר אַ פֿערד, קיינער רעט ניט פֿון די, וועלכע גיבען אַ פֿערקויפֿטע פּראָסטיטוטקע די געלעגענהייט צו פֿערשווענדען אַ מיליאָן מאַרק אַ יאָהר.

(:) אין מיטעלאַלטער האָט מען גערופֿען אַלע בעטלערס, וואַגאַבונדען, ציגיינער א.ז.וו. „אונעהרליכע מענשען"; זיי זיינען אויסגעשטויסען געוואָרען פֿון דער געזעלשאַפֿט און קיינער האָט ניט געהאַט קיינע בעציהונגען מיט זיי.

*) לוקולוס איז געווען אַ רייכער רוימישער אַריסטאָקראַט, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט דורך זיינע וואַהנזיניגע פֿערשווענדונגען און בעזאָנדערס דורך די רייכע מאָהלצייטען, וועלכע ער האָט פֿעראַנשטאַלט פֿאַר זיינע פֿריינדע.

**) אַרכעאָלאָג מיינט אַלטערטהומס-פֿאָרשער.

***) קרעסוס דער קעניג פֿון לידיען איז בעקאַנט געווען צוליב זיינע געוואַלדיגע רייכטהימער. זיין קעניגרייך איז צושטערט געוואָרען 500 יאָהר בעפֿאָר דער קריסטליכער צייטרעכנונג דורך דעם פּערזישען קעניג צירוס.

****) העטערען זיינען געווען גייסטרייכע און אָפּטמאָל פֿילאָזאָפֿיש-געבילדעטע פּראָסטיטוטקעס אין אַלטען גריכענלאַנד. זייער פּראָפֿעסיאָן איז פֿערהייליגט געוואָרען דורך אַ ספּעציעלען רעליגיעזען קולטוס.

דער פֿערשוועגדערישער לוקסוס אין אַלטערטהום און מיטעלאַלטער איז געווען אַ זעהר זעלטענע ערשיינונג, דערפֿאַר האָט ער אַרויסגערופֿען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון אַלעמען. אין די אַלטע צייטען האָט זיך דער לוקסוס נאָר מאַניפֿעסטירט אין אָבגעשלאָסענע געזעלשאַפֿטס-קרייזען. די בעזיצלאָזע מאַסע האָט זעלטען געהאַט די געלעגענהייט איהם צו זעהן. היינט צייגט זיך די פֿערשווענדונג פֿון די רייכע איבעראַל אין דער עפֿענטליכקייט, אויף די פּראָמענאַדען פֿון די גרויסע שטעט, אין די טהעאַטערע און קאָנצערט-הייזער, אויף די ספּאָרט-פּלעצער און אין די באַדע-ערטער. זייערע עקיפּאַזשען בעשפּריצען די הונגעריגע פּראָלעטאַריער מיט דעם שמוץ פֿון זייערע רעדער און זייערע דימאַנטען גלענצען דאָרט אַם פֿייערינסטען, וואו זיי פֿאַלען אין די אויגען פֿון די עלענדע און היימלאָזע. זיי מאַכען די זשורנאַליסטען אַלס צושויער פֿון זייערע פֿערשווענדונגען און בענוצען די פּרעסע, צו פֿערעפֿענטליכען זייערע פֿעסטע און פֿייערטעג.

דער מאָדערנער פּראָלעטאַריער האָט אַלזאָ די געלעגענהייט צו פֿערגלייכען זיין פּערזענליכע לאַגע מיט דער לאַגע פֿון דעם קאַפּיטאַליסט; אַזאַ פֿערגלייך איז אין אַלטערטהום געווען אונמעגליך. די וואַהנזיניגע פֿערשווענדונגען פֿון אונזערע מיליאָנערען, וועלכע ער זעהט יעדען טאָג מיט זיינע אייגענע אויגען, ווערען פֿאַר איהם אַ געגנויער מאַסשטאַב פֿאַר זיין אייגענעס עלענד, וועלכעס קומט איהם דורך דיזען פֿערגלייך ערשט צום בעוואוסטזיין. די אָרעמקייט איז זעלבסטפֿערשטענדליך ערשט דאַן אַן איבעל, ווען מיר פֿיהלען איהר סוביעקטיוו. אויס דיזען גרונד פֿערגרעסערען די מיליאָנערען די ליידען פֿון די פּראָלעטאַריער, דורך די עפֿענטליכע מאַניפֿעסטאַציאָן פֿון זייער לוקסוס. זייער לעבען איז אַן עפֿענטליכעס שוישפּיל פֿון גענוס און ליידיגגעהן, וועלכעס מוז לאָגישער ווייזע אַרויסרופֿען די אונצופֿרידענהייט און דעם האַס פֿון די אָרעמע; און דיזעס מאָראַלישע גיפֿט ווירקט שטאַרקער אויף זייערע געדאַנקען ווי די מאַטעריעלע נויט.

אָבער אָנדייטענדיג דיזע מאָראַלישע שמערצען פֿון דעם מאָדערנעם פּראָלעטאַריער, וויל איך געווים ניט בעהויפּטען, אַז זיין מאַטעריעלע נויט שפּילט אַ וויניגער וויכטיגע ראָלע. די גרויסע מאַסע פֿון די בעזיצלאָזע אין אונזערע זאָגענאַנטע קולטור-לענדער מאַכט איהר לעבען אונטער אַזעלכע קלעגליכע בעדינגונגען, ווי מיר געפֿינען זיי ניט ביי קיין איינציגעס פֿרייעס טהיר אין דער ווילדערניס. די וואוינונג פֿון דעם פּראָלעטאַריער אין די גרויסע שטעט איז פֿיל שמוציגער און אונגעזונטער, ווי די וואוינונג פֿון אַ גרויסען רויב-טהיר. ער איז פֿיל וויניגער געשיצט געגען די קעלט ווי זיי. זיין נאַהרונג איז גראַדע גענוג, ער זאָל ניט אויסגעהן פֿון הונגער מיט אַמאָל, אָבוואָהל אויך דער טהאַטזעכליכער הונגער-טויט איז אין אונזערע גרויסע שטעט אַ טעגליכע פּאַסירונג. אום צו בערוהיגען דאָס שלעכטע געוויסען פֿון די בעזיצענדע, האָבען די נאַציאָנאַל-עקאָנאָמען ערפֿונדען אַ פּוסטע פֿראַזע, וועלכע זיי רופֿען מיט דעם שטאָלצען נאָמען „דאָס

אייזערנע לוין־געזעץ״. לויט דיזען געזעץ קומט אויס, דאָס דער אַרבייטער פֿערדינט איבעראַל אַזוי פֿיל, אום אויף דעם בעטרעפֿענדען פלאַץ, וואו ער געפֿינט זיך, צו קענען מאַכען אַ לעבען. מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז דער אַרבייטער איז שטענדיג זיכער אַזוי פֿיל צו פֿערדינען, וויפֿיל ער געברויכט, אום צו בעפֿרידיגען זיינע נויטווענדיגסטע בעדירפֿניסע. דאָס וואָלט ווירקליך ניט שלעכט געווען, ווען עס וואָלט אמת געווען. דאַן וואָלט דער רייכער געקענט רוהיג שלאָפֿען מיט דעם זיסען געדאַנק, דאָס אַלעס איז איינגעריכטעט ווי אַם בעסטען אין דיזער בעסטער פֿון אַלע וועלטען, און דאָס קיינער האָט ניט דאָס רעכט, איהם צו שטערען אין זיין פֿערדויאונג.

דאָס גאַנצע אונגליק איז נאָר, וואָס דאָס זאָגענאַנטע „אייזערנע לוין־געזעץ״ איז ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי אַ יעזואיטישער שפיל מיט ווערטער. פֿאַר דיאיעניגע, וועלכע זיינען ניט אימשטאַנדע זיך אַרבייט צו פֿערשאַפֿען, קען עס אין גאַנצען ניט אָנגעווענדעט ווערען. און וועהרענד דער צייט, ווען דער פראָלעטאַריער אַרבייטעט, קען ער זיך אין ערגעץ ניט אַזוי פֿיל אָבשפּאָרען פֿון זיין פֿערדינסט פֿאַר די שלעכטע צייטען, ווען ער געהט ארום אָהן אַרבייט. עס גיט אַלזאָ אַ געוויסע צייט אין יאָהר, ווען עס גיט נאָר פֿאַר איהם צוויי וועגען צו ערהאַלטען זיין עקזיסטענץ: אָדער ער מוז געהן בעטלען אָדער ער מוז לאַנגזאַם אָרגאַניש אָבשטאַרבען. אָבער דאָס „אייזערנע לוין־געזעץ״ קען זאָגאַר ניט אָנגעווענדעט ווערען אויף דיאיעניגע, וואָס אַרבייטען שוין יאָ פֿאַר אַ געוויסען טעגליכען לוין. וואָס איז דער מינימום פֿון דעם וואָס אַ מענש געברויכט, אום צו ערהאַלטען זיין לעבען? אָהנע צווייפֿעל אַזוי פֿיל, ווי ער דאַרף צו בעפֿרידיגען די בעדירפֿניסע פֿון זיין אָרגאַניזמוס און זיך פֿאָלשטענדיג צו ענטוויקלען קערפערליך, אום צו עררייכען די נאַטירליכע גרענעצען פֿון זיין לעבען. וויבאַלד אַ מענש שטריינגט זיך מעהר אָן, ווי זיין אָרגאַניזמוס קען פֿערטראָגען, וויבאַלד עס פֿעהלט איהם געניגענד נאַהרונג, וואַרעמקייט און שלאָף, מוז ער צוגרונדע געהן דורך פֿיזיאָלאָגישעם עלענד. צופֿיל אַרבייט איז פֿאַר די אָרגאַנישע ענטוויקלונג פונקט אַזוי שעדליך ווי צו ווייניג עסען און צו ווייניג עסען מיינט ניט אַנדערש ווי לאַנגזאַם שטאַרבען פֿון הונגער.

ווען דאָס „אייזערנע לוין־געזעץ״ וואָלט ווירקליך געווען דאָס, וואָס עס פרעטענדירט צו זיין, וואָלט דער אַרבייטער אימער אימשטאַנדע געווען צו ענטוויקלען און צו ערהאַלטען זיין אָרגאַניזמוס לויט זיינע נאַטירליכע בעדינגונגען. עס גיט אָבער קיין ווינקעל ניט אין גאַנץ אייראָפּאַ, וואו דער אַרבייטער איז אימשטאַנדע עס צו טהאָן. דער אָפּטימיסטישער נאַציאָנאַל־עקאָנאָם, זעהענדיג, דאָס דער אַרבייטער פֿאַלט ניט באַלד טויט פֿון הונגער אַם ענדע פֿון יעדען אַרבייטסטאָג, און וויסענדיג, דאָס פֿילע פראָלעטאַריער ריידען זיך איין, אַז זיי זיינען זאַט, ווען זיי האָבען זיך

אָנגעפּילט דעם מאָגען מיט קאַרטאָפּעל, פּעררויכערען אַ פּיפקע אָדער טרינקען אַ גלעזעל שנאַפּס, טריאומפּירט מיט דער ריכטיגקייט פון זיין „אייזערנעם לוין־געזעץ". אָבער פלוצלונג קומט די סטאַטיסטיק און צייגט אונז, אַז דער דורכשניטליכער לעבענס־אַלטער פון אַן אַרבייטער איז מיט אַ דריטעל און מאַנכעסמאָל זאָגאַר מיט אַ העלפּט קירצער, ווי דער לעבענס־אַלטער פון די רייכע אינדיווידוען פון דערזעלבער נאַציאָן, וועלכע לעבען אויף דעמזעלבען באָדען און אונטער דיזעלבע קלימאַטישע בעדינגונגען. וועך רויבט אַוועק די לעבענס־יאָהרען פון די פּראָלעטאַריער, אויף וועלכע זיי אַלס קינדער פון אַ געוויסע ראַסע און אַלס בעוואוינער פון אַ געוויסען לאַנד האָבען דאָסזעלבע רעכט, ווי אַלע אַנדערע? ווער אַנדערש, אויב ניט דער הונגער, דאָס עלענד, די נויט, וועלכע צושטערען לאַנגזאַם זייער געזונדהייט און שוואַכען אָפּ די לעבענסקראַפט פון זייער אָרגאַניזמוס! דער טעגליכער אַרבייטס־לוין פון דעם פּראָלעטאַריער איז נאָר גענוגענד, אום ער זאָל ניט אַוועקשטאַרבען מיט אַמאָל פון הונגער און קעלט, ער קען איהם אָבער ניט שיצען געגען דעם לאַנגזאַמען הונגער־טויט און געגען די סיסטעמאַטישע פערקירצונג פון זיינע לעבענס־יאָהרען; די אַלגעמיינע סטאַטיסטיק וועגען די קראַנקהייטען און טויטעס־פעלע אונטער דער אַרבייטער קלאַסע איז דער בעסטער בעוויז, אַז דאָס זאָגענאַנטע „אייזערנע לוין־געזעץ" איז ניט מעהר ווי אַ געמיינער און פּרעכער ליגען.

דאָס בילד פון דער ווירטשאַפטליכער אָרגאַניזאַציאָן דער געזעלשאַפט וואָלט ניט פאָלשטענדיג געווען, ווען איך זאָל ניט דערמאָנען נעבען דעם פערשווענדערישען מיליאָנער און דעם צו קראַנקהייט און פריהצייטיגען טויט פעראורטהיילטען פּראָלעטאַריער נאָך אַן אַנדער קלאַסע פון בעזיצלאָזע, וועלכע ווערען אינערהאַלב דער היינטיגער געזעלשאַפטס־אָרדנונג פונקט אַזוי שטיפמוטערליך בעהאַנדעלט, ווי די אינדוסטרי־שקלאַפען פון די גרויסע שטעט. איך רייד יעצט פון די געבילדעטע, פון דער אינטעליגענץ אָהנע פערמעגען, וועלכע מוזען פערדינען זייער לעבען דורך גייסטיגע אַרבייט. גראַדע אויף דיזען געביט איז דער אָנבאָט פון אַרבייטס־קרעפטען פיל גרעסער ווי דער פערלאַנג. די זאָגענאַנטע ליבעראַלע קאַריערען זיינען אַזוי איבערפילט, דאָס די יעניגע, וועלכע ווילען מאַכען זייער גליק אויף דיזען באָדען, דערשטיקען זיך געגענזייטיג און דער קאַמף אום דאַזיין צייגט זיך גראַדע היר אין זיין גרוזאַמסטער און העסליכסטער פאָרם. דיזע אונגליקליכע, וועלכע שטרעבען אַלע נאָך אַן עפענטליכער אָדער פּריוואַטער אַנשטעלונג און זוכען אַן ערפאָלג אַלס לעהרער, קינסטלער, שריפטשטעלער, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען, אַרכיטעקטען א.ז.וו. פיהלען זייער עלענד פיל טיפער, ווי אַלע אַנדערע, צוליב זייער העכערע גייסטיגע ענטוויקלונג און זייערע אויסגעפיינערטע עמפּפינדונגען. זייער אינטימער פערקעהר מיט די רייכע גיט זיי מעהר געלעגענהייט פערזענליך צו פערגלייכען זייער אָרעמקייט מיט דעם רייכטהום און לוקסוס פון זייערע

הערען. דורך די געזעלשאַפֿטליכע פֿאָראורטהיילע זיינען זיי געצוואונגען צו אַ בעשטימטע לעבענס-אויפֿפֿיהרונג, וועלכע איז היגיעניש ניט פֿיל בעסער ווי די פֿון דעם געוועהנליכען פראָלעטאַריער, נאָר עס קאָסט זיי פֿיל מעהר אָפּפֿער און שוויריגקייטען, און ווען עס געלינגט ווירקליך איינעם אָדער דעם אַנדערען פֿון זיי, זיך צו עראָבערען בעסערע לעבענס בעדינגונגען, איז עס אויף די קאָסטען פֿון זייער כאַראַקטער און די אונטערדריקונג פֿון זייער איינענעם איך. פֿאַר שטאַרקע נאַטורען איז דאָס פֿיל שמערצליכער ווי די מאַטעריעלע אָרעמקייט. אַזעלכע אינדיווידוען ליידען סוביעקטיוו פֿיל שטאַרקער און דערפֿאַר טראָגען זיי דעם צוואַנג פֿון אונזער עקאָנאָמישער אָרדנונג ניט אַזוי געדולדיג ווי די פראָלעטאַריער די בעזיצענדע רופֿען די יעניגע פֿון זיי, וועלכע האָבען געקעמפּפֿט אָהנע ערפֿאָלג, דעקלאַסירטע* און ריידען פֿון זיי מיט פֿעראַכטונג. אָבער גראַדע די דעקלאַסירטע זיינען די מוטהיגסטע פֿאָרקעמפֿער פֿון דער גרויסער אַרמעע, וועלכע בעלאַגערט די שטאָלצע פֿעסטונג פֿון דער מאָדערנער געזעלשאַפֿט, און וועלכע וועט איהר פֿריהער אָדער שפּעטער צושמעטערען.



## די קוועלען פֿון רייכטהום.

לאָמיר יעצט אַנאַליזירען די איינצעלנע עלעמענטען פֿון דעם בילד, וועלכען מיר האָבען פֿאָרגעשטעלט אין ערשטען קאַפּיטעל. מיר האָבען אַלזאָ דעם רייכען, וועלכער לעבט אין לוקסוס און איבערפֿלוס, אָהנע אַריינצוטהאָן אַ פֿינגער אין קאַלטע וואַסער, דעם צו אָרגאַנישער אָבשטאַרבונג פֿעראורטהיילטען פראָלעטאַריער און דעם גייסטיגען אַרבייטער, וועלכער געהט צו גרונדע אונטער דעם דרוק פֿון אַ מערדערישער קאָנקורענץ. לאָמיר זיך צוערשט עטוואָס נעהנטער צוקוקען צו דער רייכער מינאָריטעט.

וואָס זיינען אייגענטליך די קוועלען פֿון דעם רייכטהום, וועלכען דיזע מינאָריטעט בעזיצט? אָדער זיי האָבען געקראָגען זייער פֿערמעגען בירושה און פֿערזוכען עס נאָר צו ערהאַלטען — אָדער זיי האָבען אַליין געשאַפֿען זייער רייכטהום און זוכען איהם שטענדיג צו פֿערגרעסען. וועגען דער ירושה וועלען מיר שפּעטער נאָך ריידען. פֿאָרלויפֿיג ווילען מיר נאָר בעמערקען, אַז דער מענש איז דאָס איינציגע לעבעדיגע בעשעפֿעניש,

*) דעקלאַסירטע זיינען אַזעלכע מענשען, וועלכע בעלאַנגען לויט זייער געבורט און ערציהונג צו דער בעזיצענדער קלאַסע, נאָר דורך די מאַטעריעלע נויט זיינען זיי אַריינגעשליידערט געוואָרען אין דאָס פראָלעטאַרישע לאַגער.

וועלכער איבערטרייבט די נאַטירליכע פֿערזאָרגונג פֿון זיינע קינדער אויף אַזוי וויים, דאָס ער שטעלט זיך ניט צופֿרידען מיט דעם פֿערזאָרגען די נעכסטע גענעראַציאָן, ניין, ער וויל אויך אַלע פֿאָלגענדע גענעראַציאָנען געבען די געלעגענהייט צו לעבען, אָהנע זיך צו דאַרפֿען זאָרגען און קוועלען.

די גרויסע פֿערמעגענס, וואָס האָבען זיך איבערגעטראָגען בירושה, פֿערמעהרען זיך געוועהנליך, אָהנע דאָס זייערע בעזיצער זאָלען עפּעס טהאָן צו דיזען פֿערמעהרונגס פּראָצעס. די גרויסע און אַלטע פֿערמעגענס בעשטעהען צום גרעסטען טהייל פֿון גרויסע לאַנד־בעזיצונגען אָדער הייזער און שטעט. דער ווערטה פֿון דער ערד און די הייזער שטייגט איבעראַל פֿון יאָהר צו יאָהר און וואָס מעהר די מאָדערנע צוויליזאַציאָן ענטוויקעלט זיך, אַלס רייכער און גרעסער ווערען די איינקינפֿטע פֿון די בעזיצער. די פּראָדוקציאָן ווערט ביליגער מיט יעדען טאָג און דער פּרייז פֿון די לעבענסמיטלען און וואוינונגען וואַקסט העכער און העכער.

עס גיט נאַציאָנאַל־עקאָנאָמען, וועלכע לייקענען אָב די פֿערטהייערונג פֿון די לעבענסמיטלען; אָבער זיי קענען זייערע אַנזיכטען נאָר פֿערטהיי־דיגען מיט סאָפֿיסטישע אַרגומענטען. עס איז וואַהר, אין די אַלטע צייטען, ווען די געגענזייטיגע פֿערבינדונגען און דער אַלגעמיינער פֿערקעהר זיינען נאָך ניט אַזוי ענטוויקעלט געווען ווי היינט, איז אַ הונגערס־נויט געווען אַן אָפּטערע ערשיינונג און ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ יאָהר, ווען די פֿרוכט איז שלעכט געראָטהען, איז דער פּרייז פֿאַר ווייץ און קאָרן אין איינצעלנע ערטער אַזוי טהייער געוואָרען, ווי עס וואָלט היינט קיינמאָל ניט געקענט טרעפֿען. דיזע מאָמענטאַלע פֿערטהייערונג פֿון די לעבענס־מיטלען און די שטענדיגע אונזיכערהייט פֿון די פּרייז־בעשטימונגען, וועלכע האָבען עקזיסטירט אין דער פֿערגאַנגענהייט, זיינען היינט ניט מעהר מעגליך, אָבער דער דורכשניטס־פּרייז פֿון פֿלייש און ברויט שטייגט אימער העכער און נאָר די אונפֿאָרזיכטיגע אויסבייטונג פֿון די וויטע געגענדען אין אַמעריקאַ און אויסטראַליען האָט דיזען פֿערטהייערונגס־פּראָצעס אָבגעשוואַכט. אָבער אין דעם טאָג, ווען דאָס מאָדערנע רויב־סיסטעם וועט האָבען אויסגעפּרעסט די פֿרוכטבאַרקייט פֿון די נייע קאָנטינענטען און ווען דער פלוג וועט מעהר ניט געפֿינען קיין הערען־לאָזע לענדער צו בעאַרבייטען, אין דיזען טאָג מט דער ווערטה פֿון די לעבענסמיטלען וואַקסען און וואַקסען, וועהרענד דורך די שטענדיגע פֿערפֿאָלקאָמנונג פֿון די מאַשינען און גרויסאַרטיגע אויסבייטונג פֿון די נאַטורקרעפֿטע מוז דער פּרייז פֿון די אינדוסטרי פּראָדוקטען אַראָבפֿאַלען אַלס טיפֿער און טיפֿער. דורך דיזע צוויי טענדענצען אין אונזער עקאָנאָ־מישען לעבען — דער שטייגען פֿון די לעבענסמיטעל־פּרייזען און דער פֿאַלען פֿון די פּרייזען פֿאַר אינדוסטרי־פּראָדוקטען — ווערט דער פּראָלעטאַריער אַלס אָרעמער און עלענדער און דער גרונדבעזיצער אַלס רייכער און פֿעטער. דער פּראָלעטאַריער מוז שאַפֿען אַלס גרעסערע

מאַסען אינדוסטרי־פּראָדוקטען, אום צו קריגען די נויטוועגדיגע נאַטור־פּראָדוקטען — דער גרונדבעזיצער קען אויסטוישען פון יאָהר צו יאָהר אַלס קלענערע מאַסען לעבענסמיטלען געגען גרעסערע מאַסען אינדוסטרי־פּראָדוקטען. דעם פּראָלעטאַריער ווערט פון טאָג צו טאָג שווערערער זיך צו זעטיגען און פאַר דעם גרונדבעזיצער ווערט אימער לייכטער צו פערשווענדען די אַרבייטס־פּראָדוקטען פון דעם פּראָלעטאַריער. עס איז אַלזאָ ניט קיין פּערזענליכער פערדינסט, וועלכער מאַכט דעם יורש פון גרויסע גרונדבעזיצונגען אָדער הייזער אימער רייכער, ניין, עס איז די פערפוילטע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציאָן פון אונזער געזעלשאַפט, וועלכע גיט איינצעלנע מענשען די מעגליכקייט צו מאָנאָפּאָליזירען די ערד, דאָס נאַטירליכע אַרבייטס־אינסטרומענט פון דער מענשהייט, און וועלכע צווינגט דעם בערויבטען פּראָלעטאַריער צו איבערפילען די גרויסע שטעט, ווייל דאָרטען איז דער איינציגער פּלאַץ פאַר איהם צו פערדינען זיין לעבען.

נייע פערמעגענס ווערען בעשאַפען דורך האַנדעל, ספּעקולאַציאָן און גרויס־אינדוסטרי. פון אַזעלכע פעלע, וואו איינצעלנע אינדיווידוען געווינען דורך אַ צופאַל גרויסע רייכטהימער, ווי צ.ב.ש. דורך די ענטדעקונג פון גאָלד־מינען, דימאַנטען־פעלדער אָדער פּעטראָליום־קוואַלען, וועלכע זיי קענען אויסאַרבייטען פאַר זייער פּערזענליכען פאָרטהייל, דען לויט אונזערע מאָדערנע אייגענטהומס־בעגריפע איז דאָס גאַנץ גערעכט, פון אַזעלכע פעלע ווילען מיר גאָר ניט ריידען, דען זיי טרעפען זעהר זעלטען און זיינען ניט מעהר ווי אויסנאַהמען. אָבער טראָץ דעם האָבען דיזע אויסנאַהמען אַ טהעאָרעטישען ווערטה געגען אַן אַנדער זאָגענאַנטע וויסענשאַפטליכע טהעזע, פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמי, וועלכע בעהויפּטעט, דאָס קאַפּיטאַל איז אין יעדען פאַל ניט אַנדערש ווי קאָנצענטרירטע אַרבייט. וואָס פאַר אַן אַרבייט רעפּרעזענטירט צ.ב.ש. אַ דימאַנט אַזוי גרויס ווי דער קאַפּ־אי־נאָר*, וועלכען אירגענד אַ מענש האָט געפונען אויף דעם באָדען פון זיד־אַפריקאַ און פערקויפט פאַר איניגע מיליאָן? אַ פּראָפעסאָר דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמי האָט נאַטירליך זאָפאָרט אַן ענטפער אויף דיזער פראַגע: ער וועט אונז ערקלעהרען, אַז דער עדעלשטיין איז ניט מעהר ווי דער לאָהן פאַר אַ געוויסע אַרבייט. דער געפינער פון דעם שטיין האָט זיך נעמליך געדאַרפט איינבויגען, אום איהם אויפצוהויבען, "פאָלגליך האָט ער געטהאָן אַן אַרבייט. די אָפיציעלע וויסענשאַפט איז נאַטירליך זעהר צופרידען מיט אַזאַ ערקלעהרונג און פרעהט זיך, וואָס די טהאָרי איז גערעטעט געוואָרען. דער געזונטער מענשען־פערשטאַנד אָבער שפּייט אויף אַזעלכע פאַלשע וויסענשאַפטען, וועלכע זיינען ערפונדען געוואָרען פון דומקעפּ, און פאַר דומקעפּ, און וועלכע

*) קאַפּ־אי־נאָר איז דער נאָמען פון דעם ווערטהפאָלסטען דימאַנט פון די ענגלישע קרוין־יואוועלען. דער נאָמען איז אַן אינדישער און הייסט „באַרג פון ליכט".

האָבען דעם ספּעציעלען צוועק צו ענטשולדיגען און רעכטפֿערטיגען דורך סאָפֿיסמישע רײדענסאַרטען די אונגערעכטיגקייטען פֿון אונזער עקאָנאָמישען ליגען.



# האנדעל און ספּעקולאציאָ.



דער געזעצליכער האַנדעל, ד. ה. דער האַנדעל, וועלכער פֿערמיטעלט דעם פֿערקעהר צווישען דעם קאָנסומירער און פּראָדוציר̇ער, און וועלכער לאָזט זיך בעצאָהלען פֿאַר זיין פֿערמיטלונג דורך אַ געוויסען שטייער, וועלכען ער לייגט אַרויף אויף דעם לעצטען קויפֿער דורך אַ מעהר אָדער וויינינגער שטאַרקע פֿערגרעסערונג פֿון'ם פּרייז, איז אין אונזער צייט נאָר זעלטען די קוועלע פֿון גרויסע רייכטהימער. עס גיט צו פֿילע מענשען, וועלכע ווילען ניט מעהר, ווי מאַכען אַ לעבען און די קאָנקורענץ צו בעקומען דעם קויפֿער אויף זיין זייט, איז אַזוי גרויס, דאָס דער קויפֿמאַן קען ניט האָבען קיין גרויסען געווין פֿון דעם. די אַלגעמיינע טענדענץ פֿון דעם גרויסען און דעם קליינעם האַנדעל איז צו אונטערדריקען דעם איבערפֿליסיגען פֿערמיטלער און דעם פּראָדוצירער דירעקט צו פֿערבינדען מיט דעם קויפֿער און דעם פֿערקויפֿס-פּרייז פֿון דעם פֿערמיטלער אַזוי טיף אַראָבצודריקען, דאָס ער איז ניט פֿיל העכער ווי די הערשטעלונגס-קאָסטען פֿון די פּראָדוקטען. עס איז לייכט צו בעגרייפֿען, דאָס אונטער אַזעלכע בעדינגונגען קען דער פֿערמיטלער ניט מאַכען קיין גרויסע גליקען.

אָבער דער געווין פֿון דעם קויפֿמאַן קען ווערען פֿיל גרעסער, רויבעריש גרויס, ווען עס געלינגט איהם צו פֿערניכטען די פֿרייע קאָנקורענץ אָדער איהר אַם וויינינגסטענס אָבצושוואַכען. ווען עס געלינגט אימיצען צו בעקומען געוויסע פּראָדוקטען אונטער שווערע אומשטענדען, צ.ב.ש. אויס די אינערע טהיילען פֿון אַפֿריקאַ אָדער פֿון די ווילדע פֿעלקער אין אַזיען, קען ער זיי פֿערקויפֿען מיט אַ גרויסען געווין, דען די צאָהל פֿון אַזעלכע מענשען, וועלכע זיינען בערייט אַוועקצוגעבען זייער לעבען און געזונדהייט פֿאַר די עראָבערונג פֿון רייכטהימער איז דאָך נאָך צו קליין און אויף אַ געוויסע צייט וועט ער האָבען די געלעגענהייט צו פֿערקויפֿען אָהנע קאָנקורענטען. אָבער אַזאַ מין אויסבייטונג אָהנע קאָנקורענץ קען זיך לאַנג ניט האַלטען, דען וואָס לייגער אַזעלכע האַנדעלס-בעציהונגען האַלטען אָן אַלס מעהר פֿערשווינדען די געפֿאַהרען און דורך דאָס געזעץ פֿון דער אַלגעמיינער קאָנקורענץ ווערען די אונבעקאַנטע לענדער אַלס

צוגעגנגליכער פֿאַר אונז. אין צוואַנציג אָדער דרייסיג יאָהר אַרום וועט מען אויף דיזע אַרט און ווייזע מעהר ניט מאַכען קיינע גרויסע רייכטהימער. עס וועט פונקט אַזוי לייכט זיין צו רייזען נאָך צענטראַל־אַפֿריקאַ, צענטראַל־אַזיען אָדער כינאַ, ווי אין אירגענד וועלכע שטאָט אין אייראָפּאַ אָדער אַמעריקאַ און דורך די קאָנקורענץ וועט דער איינקויפֿס־פּרייז פֿון די פּראָדוקטען ווערען אַלס גרעסער און דער פֿערקויפֿס־פּרייז אַלס קלענער און צו לעצט וועט אַ הענדלער, וועלכער האַנדעלט מיט העלפֿאַנטען ציינער אין אַפֿריקאַ אויך נאָר מאַכען אַ לעבען, פונקט ווי אַ קרעמער אין אַ קליינע שטעטעל, וואָס פֿערקויפֿט שמעק־טאַבאַק.

עס גיט נאָך אַ וועג צו מאַכען אונגעהייערע פּראָפֿיטען: ווען עס געלינגט איינעם אָדער מעהרערע קויפֿלייטע צו מאָנאָפּאָליזירען אַ נויט־ווענדיגען אַרטיקעל, דאָס קיינער קען איהם ניט בעקומען, ווי נאָר דורך זיי און אויב ער וויל ניט בעצאָהלען דעם פּרייז, וועלכען די רויבערס פֿאָדערען פֿון איהם, קען ער איהם אין גאַנצען ניט בעקומען. נאָר אַזאַ מין געשעפֿט בעלאַנגט שוין ניט מעהר צו דעם געזעצליכען האַנדעל, געוויסע רעגירונגען, ווי צ.ב.ש. די פֿראַנצויזישע בעטראַכטעט עס פֿאַר אַ פֿערברעכען און עס בילדעט אייגענטליך די בריק צו דער צווייטער גרויסער קוועלע פֿון רייכטהום, צו דער ספּעקולאַציאָן.

די ספּעקולאַציאָן איז איינע פֿון די שרעקליכסטע קראַנקהייטען פֿון אונזער עקאָנאָמישען אָרגאַניזמוס. עס גיט חכמים, וועלכע געפֿינען שטענדיג אוים, דאָס אַלעס איז גוט און שעהן און זיי האָבען אויך געזוכט צו פֿערטהיידיגען די ספּעקולאַציאָן, זיי האָבען איהר בערעכטיגט, געפֿונען פֿאַר נויטווענדיג און גערעכט פֿון איהר מיט בעגייסטערונג. אָבער איך וועל דיזע אונפֿאָרזיכטיגע לויב־רעדנער באַלד בעווייזען, וואָס זיי פֿערטהיידיגען. דער ספּעקולאַנט שפּילט אין ווירטשאַפֿטליכען לעבען די ראָלע פֿון אַ פּאַראַזיט. ער פּראָדוצירט קיין זאַך ניט, ער טהוט נאָך צום מאָהל ניט דעם צווייפֿעלהאַפֿטען דינסט פֿון אַ פֿערמיטלער, ווי דער קויפֿמאַן, זיין גאַנצע טהעטיגקייט בעשטעהט אין דעם, אַוועקצורויבען פֿון די פּראָדוצירער סיי דורך שווינדעל, סיי דורך געוואַלד דעם גרעסטען טהייל פֿון זייער פֿערדינסט. דער ספּעקולאַנט איז אַ רויבער, אַ באַנדיט, וועלכער רויבט אַוועק דעם פּראָדוצירער זיינע פּראָדוקטען פֿאַר אַ שפּאָט־פּרייז און צווינגט דעם קאָנסומענט זיי פֿיל טהייערער אָבצוקויפֿען פֿון איהם. די וואַפֿע מיט וועלכע ער איבערפֿאַלט דעם פּראָדוצירער און קויפֿער איז אַ דאָפּעלטע און רופֿט זיך: „שטייגען און פֿאַלען". ער בענוצט זיך מיט זיין מאָרד־געוועהר אויף די פֿאָלגענדע אַרט און ווייזע: אויב ער האָט זיך פֿאָרגענומען אויסצופּלינדערען די פּראָדוצירער, פֿערקויפֿט ער אין אַ שעהנעם טאָג פּראָדוקטען, וועלכע ער בעזיצט ניט, פֿאַר אַ ביליגערען פּרייז ווי זייער מאָמענטאַנער מאַרק־פּרייז און פֿערשפּרעכט דעם קויפֿער, אַז ער וועט זיי איהם שיקען אין 14 טעג, אַ מאָנאַט אָדער דריי מאָנאַט.

דער קויפער איז נאַטירליך צופרידען פון דעם געשעפט און קויפט בעסער ביי דעם ספעקולאַנט ווי ביי דעם פּראָדוצירער. דער פּראָדוצירער האַלט זיך יעצט מיט זיינע פּראָדוקטען, דען דער קויפער וויל זיי ניט קויפען, דערפאַר ווייל דער ספעקולאַנט האָט זיי איהם שוין פערקויפט פאַר אַ ביליגערען פרייז. ווען ער איז רייך און האָט צייט צו וואַרטען, איז דער ספעקולאַנט געצוואונגען צו בעצאָהלען דעם פרייז, וועלכען ער פאָדערט, דען ער מוז אָבליפערען די פּראָדוקטע אין דער בעשיממטער צייט — אַזוי איז מעגליך, אַז פון דעם רויבער זאָל ווערען אַ בערויבטער. אָבער דאָס קומט זעלטען פאָר, דען געוועהנליך איז דער פּראָדוצירער געצוואונגען זיינע פּראָדוקטען דירעקט צו פערקויפען און דאַן מוז ער אַזוי לאַנג אַראָבלאָזען פון׳ם פרייז, ביז ער געפינט ענדליך אַ קויפער. יעדענפאַלס איז ער געצוואונגען צו פערקויפען ביליגער ווי דער ספעקולאַנט, וועלכער ווערט דאַן געוועהנליך דער קויפער, ווייל דער אייגענטליכער קאָנסומענט האָט שוין פריהער געמאַכט ביי איהם זיינע בעשטעלונגען. דער פּראָדוצירער געהט פיליכט דאַדורך צו גרונדע ביי דיזען געשעפט, אָבער וואָס מאַכט עס, אַזוי לאַנג ווי דער ספעקולאַנט האָט פון איהם אַרויסגעשניטען זיין פונט פלייש.

איז דער פלאַן פון דעם ספעקולאַנט געריכטעט געגען דעם קויפער, זאָ קויפט ער פון דעם פּראָדוצירער אַלע פּראָדוקטען, וועלכע ער קען נאָר בעקומען צו דעם פרייז, וועלכען מע פאָדערט פון איהם. ער קען דאָס זעהר לייכט מאַכען, דען ער דאַרף ניט אויסלייגען קיין פעני, ער גיט נאָר זיין פערשפרעכען, דאָס איז אַלעס און דאָס געלד דאַרף ער ערשט בעצאָהלען אין וואָכען אָדער מאָנאַטען אַרום. אַזוי איז דער ספעקולאַנט געוואָרען דער אייגענטהימער פון פּראָדוקטען, אָהנע צו בעצאָהלען אַ הייפעני און דער קויפער איז געצוואונגען צו קויפען די פּראָדוקטען ביי׳ן ספעקולאַנט און מוז בעצאָהלען דעם פרייז, וועלכען ער פאָדערט. דער ספעקולאַנט נעהמט מיט איין האַנד דאָס געלד פון דעם קויפער, לאָזט אַראָפּ אַ מעגליך גרויסען טהייל אין זיינע קעשענעס און דעם רעשט גיט ער מיט דער אַנדער האַנד דעם פּראָדוצירער. אויף אַזאַ מין אַרט ווערט דער ספעקולאַנט רייך און מעכטיג אָהן אַרבייט און אָהנע נוצען פאַר דער געזעלשאַפט. דאָס קאַפּיטאַל גיט איהם די בעסטע געלעגענהייטען, מיט דעם וואָס ער גיט איהם אונבעגרענעצטען קרעדיט. ווען אירגענד אַן אָרעמער אַרבייטער וויל זיך מאַכען זעלבסטשטענדיג, האָט ער די גרעסטע שוועריגקייטען, יעמאַנד זאָל איהם אויסבאָרגען אַזוי פיל געלד, אום ער זאָל קענען קויפען זיינע נויטווענדיגע געצייג און קענען לעבען ביז ער האָט פערקויפט די ערשטע שטיק אַרבייט; אָבער ווען אירגענד אַ פרעמדער פאַראַזיט, וועלכער האָט בעשלאָסען צו לעבען אויף די קאָסטען פון אַנדערע, וויל אויספיהרען ספעקולאַטיווע געשעפטען, געפינט ער שטענדיג פּראָדוצירער און קויפער, וועלכע גיבען איהם מיט

פֿערגניגען קרעדיט, דען יעדער איינער זאָגט זיך, אַז ער האָט ניט וואָס צו ריזיקירען, דען דער קרעדיט איז נאָר אַ טהעאָרעטישער. דער פּראָדוצירער גיט ניט אַרויס די פּראָדוקטען פֿון זיין האַנד, ער גיט נאָר דעם פֿערשפּרעכען, אַז זיי וועלען זיין פֿאַרטיג אין אַ בעשטימטען טאָג און פֿאַר אַ בשעטימטען פּרייז מיט דער בעדינגונג נאַטירליך, דאָס ער קריגט בעצאָהלט דאַפֿיר באַארעס געלד. דער קויפֿער דאַרף אויך ניט איינצאָהלען דעם קויפֿס־פּרייז אין פֿאָראויס, ער דאַרף נאָר געבען דעם פֿערשפּרעכען, צו בעצאָהלען אין דעם טאָג, ווען ער בעקומט די וואַרע. דיזער טהעאָרע־טישער קרעדיט איז אָבער פֿאָלשטענדיג גענוג, אום דער ספּעקולאַנט זאָל קענען אָנזאַמלען אונעהייערע רייכטהימער פֿון גאָרנישט.

יעדער אַרבייטער, אָהן אַן אויסנאַהמע, איז דער שקלאַף פֿון דער ספּעקולאַציאָן. דער ספּעקולאַנט בערעכענט שוין אין פֿאָראויס אַלע אונזערע בעדירפֿניסע, ער קויפֿט אַלע געגענשטענדע, וועלכע מיר בעדאַרפֿען — און ער געברויכט צו דעם קיין קאַפּיטאַל, דען זיין נאָמען אַליין פֿערשאַפֿט איהם קרעדיט איבעראַל — אום זיי אונז שפּעטער ווידער צו פֿערקויפֿען פֿאַר אַ הויכען פּרייז און פֿאַר באַארעס געלד. מיר קענען ניט עסען קיין שטיקעל ברויט, מיר געפֿינען ניט דעם קלענסטען פּלאַץ, אום אָבצורוהען אונזערע מידע גלידער, אָהנע צו בעצאָהלען דעם געטריידע־ אָדער הייזער־ספּעקולאַנט זיינע בלוטיגע פּראָצענטען.

די שטייער, וועלכע דער שטאַט לייגט אַרויף אויף אונז איז שווער און דריקענד, אָבער נאָך פֿיל שווערער און דריקענדער איז די שטייער, וועלכע דער ספּעקולאַנט פֿאָדערט פֿון אונז.

מענשען האָבען געהאַט דעם מוטה צו פֿערטהיידיגען די בערזע אַלס אַ נויטווענדיגע און ניצליכע איינריכטונג. זיינען דען דיזע מענשען, וועלכע האָבען אויפֿגעשטעלע אַזאַ אונפֿערשעמטע בעהויפּטונג ניט דערשטיקט געוואָרען פֿון זייערע ווערטער? די בערזע איז נויטווענדיג און ניצליך! איהר הערט אַ געשיכטע! האָט די בערזע דען קיינמאָל ניט איבערגעטראָטען די גרענעצען פֿון איהר טהעאָרעטישער אויפֿגאַבע? איז זי דען אימער נאָר געווען אַ מאַרק, וואו עהרליכע קויפֿערס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען מיט עהרליכע פֿערקויפֿערס, אַ מאַרק, וואו „אָנבאָט און פֿערלאַנג" האָבען זיך געגענזייטיג אויסגעגליכען?

איך האָב אַמאָל געזעהן אַ בילד, וואו די בערזע איז פֿאָרגעשטעלט געוואָרען אַלס אַ גיפֿט־בוים; אָבער דיזע פֿאָרשטעלונג איז געווען צו שוואַך און אונפֿאָלקאָמען, דען זי האָט נאָר כאַראַקטעריזירט איין זייט פֿון דעם בערזען־שווינדעל — זיין מאָראַלישע ווירקונג אויף די בעגריפֿע פֿון'ם פֿאָלק. די בערזע איז אַ מין רויבער־הייל, אין וועלכע עס וואוינען די מאָדערנע יורשים פֿון די רויב־ריטער אין מיטעל־אַלטער און שניידען איבער יעדען פֿערבייגעהער דעם גאָרגעל. פּונקט ווי די רויב־ריטער בילדען אויך די־

בערזען־ספעקולאַנטען אַ מין אַריסטאָקראַטי, וועלכע לעבט אַ גוטען טאָג אויף די קאָסטען פֿון דער גרויסער מאַסע; פּונקט ווי די רויב־ריטער פֿאָדערען אויך די בערזען־רויבער זייער אַבגאַבע פֿון דעם קויפֿמאַן און אַרבייטער; אָבער זייער געשעפֿט איז לאַנג ניט אַזוי געפֿערליך, דען זיי ברויכען ניט ריזיקירען זייער לעבען, ווי די רויב־ריטער האָבען עס געטהאָן, וועלכע זיינען איינפֿאַך אויפֿגעהאַנגען געוואָרען, ווען זיי האָבען אָנגעטראָפֿען אַ שטאַרקערען פֿון זיי.

עס גיט מענשען, וועלכע וועלען ענטשולדיגען דעם רויב פֿון דער ספעקולאַציאָן דורך די טהאַטזאַכע, דאָס דער ספעקולאַנט קען מאַנכעס מאָל פֿערלירען אַלעס אין איין אויגענבליק, צ.ב.ש. אין דער צייט פֿון אַ קריזיס, וואָס ער האָט צוזאַמענגע׳גנב׳עט אין פֿילע יאָהרען. אָבער דיזע בעהויפּטונג איז ניט מעהר ווי אַ לעכערליכער וואַהנזין, מיט וועלכען מ׳ע זוכט צו בערוהיגען די פּאַפּען־מאָראַל, וועלכע בעטראַכטעט די שטראָף אַלס דעם נאַטירליכען שלוס־אַקט פֿון יעדען פֿערברעכען. ווען עס זאָל זיך זאָגאַר טרעפֿען, דאָס אַ קריזיס זאָל צווינגען דעם ספעקולאַנט ווידער אַרויסצוגעבען זיין רויב, דאַן איז עס נאָך לאַנג קיין ענטשולדיגונג פֿאַר די פּאַראַזיטישע עקזיסטענץ, וועלכע ער האָט געפֿיהרט די לאַנגע יאָהרען, איידער דער קריזיס איז געקומען. דער ספעקולאַנט קען פֿערלירען זיין פֿערמעגען, אָבער דעם שאַמפּאַניער, וועלכען ער האָט געטרונקען מיט זיינע פֿריינדע, די פֿיינע עסענס, וואָס ער האָט פֿערשלונגען, די גאָלד־שטיקער, וועלכע ער האָט פֿערשפּילט ביים גרינעם טיש, די זיסע שטונדען, וועלכע ער האָט פֿערבראַכט אין די אָרעמס פֿון זיינע מעטרעסען, דאָס אַלעס קען איהם קיין מאַכט אין דער וועלט מעהר ניט אַוועקנעהמען.

אָבער אין דער ווירקליכקייט קען אַ קריזיס נאָר שאַדען איינצעלנע ספעקולאַנטען, אָבער ער קען ניט פֿערניכטען די ספעקולאַציאָן אין אַלגעמיין. אין געגענטהייל! דער קריזיס איז אַ יום טוב פֿאַר די ספעקולאַציאָן, דען ער גיט איהר די געלעגענהייט פֿאַר אַן אַלגעמיינע מאַסען־אויסבייטונג פֿון גאַנצע לענדער און וועלטטהיילען. אין דיזע פּעריאָדען עפֿענט דאָס גרויס־קאַפּיטאַל זיין ריזען־מויל און פֿערשלינגט ניט נאָר דעם וואָהלשטאַנד פֿון אַלגעמיינעם פּובליקום, נאָר ער פֿערכאַפּט אויך אַלע די קליינע פּיאַוקעס און בלוטזויגער, מיט וועלכע ער שפּילט אין רוהיגע צייטען ווי די קאַץ מיט דער מויז.

אַ גרויסער קריזיס ווערט געוועהנליך פֿון׳ם גרויס־קאַפּיטאַל פֿעראורזאַכט און אויסגענוצט: די גרויסע קאַפּיטאַליסטען פֿערקויפֿען זייערע אַקציען און ווערטה־פּאַפּירען צו הויכע פּרייזען; פּלוצלונג דריקען זיי אַרונטער דעם ווערטה און פֿעראורזאַכען אַן אַלגעמיינעם בערזען־קריזיס. די בעזיצער פֿון די אַקציען און ווערטה־פּאַפּירען זיינען דורך דעם געצוואונגען צו פֿערקויפֿען זייערע פּאַפּירען צו די ביליגסטע פּרייזען. די גרויסע בערזען־גנבים קויפֿען דאַן צוריק זייערע פּאַפּירען צו שפּאָט־פּרייזען און שפּעטער

ווען דער קינסטליכער קריזיס איז שוין פֿערביי, פֿערקויפֿען זיי די אַקציען מיט אַ געוואַלדיגען פּראָפֿיט צוריק צו זייערע פֿריהערדיגע בעזיצער. דיזער גרויזאַמער שפּיל ווידערהאָלט זיך רעגעלמעסיג אַלע פּאָר יאָהר און יעדעס מאָל, ווען די קעשענעס פֿון די פּראָדוצירער האָבען זיך ווידער עטוואָס אָנגעפּילט, פֿאַנגט דער ספּעקולאַנט ווידער אָן זיין געוועהנליכען געשעפֿט. דער פֿינאַנציעלער קריזיס איז די רעגעלמעסיגע מעכאַנישע בעוועגונג, וועלכע פּומפּט אַרויס די געלדער פֿון אַ גאַנצען פֿאָלק אין דעם ריזיגען זאַק פֿון דעם גרויס־קאַפּיטאַליסט.

די פֿערטהיידיגער פֿון דער ספּעקולאַציאָן בעהויפּטען, אַז די ראָלע פֿון דעם ספּעקולאַנט אין דער עקאָנאָמישער דראַמאַ איז אַ בערעכטיגטע, און דאָס זיין געווין איז ניט מעהר ווי דער לוין, פֿאַר זיין קלוגהייט, פֿאַר זיין שנעלע בעאורטהיילונג פֿון דער עקאָנאָמישער לאַגע און דעם מוטה צו ספּעקולירען. דיזער אַרגומענט געפֿעלט מיר; איך בין גאַנץ צופֿרידען מיט איהם. אַלזאָ דערפֿאַר וואָס דער ספּעקולאַנט האָט געהאַט די נויטיגע מיטלען זיך צו בילדען, וועלכע דאָס גרויסע פּובליקום בעזיצט ניט, ווייל ער האָט קיין מורא ניט פֿאַר פֿערלוסטען און ווייל ער פֿערשטעהט בעסער צו בעאורטהיילען די אומשטענדען, דערפֿאַר האָט ער דאָס רעכט אַוועקצורויבען פֿון די פּראָדוצירער די פֿרוכט פֿון זייער אַרבייט; דערפֿאַר האָט ער דאָס רעכט צו לעבען אַ גוטען טאָג, ניט אַרבייטענדיג קיין שום זאַך; דערפֿאַר האָט ער דאָס רעכט צו לעבען אַלס פּאַראַזיט אין דער מענשליכער געזעלשאַפֿט. זיין רעכט גרינדעט זיך אַלזאָ אויף די טהאַטזאַכע, דאָס ער בעזיצט בעסערע וואַפֿען פֿון די אַנדערע, מעהר קראַפֿט און ענערגי, מעהר מוטה צו ספּעקולירען מיט דעם קאַפּיטאַל פֿון אַנדערע.

זאָלען מיר אָבער אָננעהמען פֿאַר אַ ווײַלע, דאָס עס וועט קומען אַ צייט, ווען די פּראָלעטאַריער וועלען בעזיצען נאָך בעסערע וואַפֿען ווי דער ספּעקולאַנט: ביקסען, שווערדען אָדער דינאַמיט־באָמבעס, זאָלען מיר אָננעהמען אויף אַ ווײַלע, דאָס זיי וועלען בעזיצען נאָך מעהר מוטה — דעם מוטה צו ריזיקירען זייער לעבען, זאָלען מיר אָננעהמען, דאָס זייער קראַפֿט וועט זיין נאָך מעכטיגער — די קראַפֿט פֿון זייערע מוסקולען און ביינער; אין דיזען פֿאַל מוזען די פֿערטהיידיגער פֿון דער ספּעקולאַציאָן אַנערקענען דאָס רעכט פֿון די פּראָלעטאַריער, אַוועקצונעהמען פֿון דעם ספּעקולאַנט אַלע רייכטהימער, דען זייערע וואַפֿען זיינען בעסערע; אויב זיי וועלען ניט אַנערקענען דיזעס רעכט, דאַן איז די גאַנצע טהעאָרי פֿון דער בערעכטיגונג דער ספּעקולאַציאָן ניט מעהר ווי אַ געמיינער ליגען.



    

# די גרויס־אינדוסטרי.



די דריטע קוועלע פֿון גרויסע רייכטהימער איז די גרויס־אינדוסטרי. די אַרבייטער, וועלכע זיינען געצוואונגען צו פֿערקויפֿען זייער אַרבייטס־קראַפֿט, ווערען אויסגעבייטעט דורך אַ בעזיצער פֿון קאַפּיטאַל; דער אונטערשייד צווישען דעם ווירקליכען ווערטה פֿון זייער אַרבייטס־קראַפֿט, וועלכער ווערט רעפּרעזענטירט דורך דעם פֿערקויפֿס־פּרייז פֿון זייערע פּראָדוקטען, און דעם אייגענטליכען לוין, וועלכען מע בעצאָהלט זיי פֿאַר זייער טהעטיגקייט, דיזער אונטערשייד בילדעט דעם געווין פֿון דעם גרויס־פֿאַבריקאַנט און אין די מעהרסטע פֿעלע איז דיזער געווין וואוכעריש. עס גיט מענשען, וועלכע בעהויפּטען, אַז דיזער געווין איז דער לוין פֿאַר די גייסטיגע אַרבייט פֿון דעם פֿאַבריקאַנט; אָבער די גייסטיגע אַרבייט, וועלכע עס פֿאָדערט די טעכנישע און קאָמערציעלע לייטונג פֿון אַ גרויסע פֿאַבריק, קען גאָר ניט פֿערגליכען ווערען מיט די גייסטיגע אַנשטריינגונגען, וועלכע ווערען פֿערברויכט דורך די וויסענשאַפֿטליכע פֿאָרשונג אָדער די ליטעראַרישע פּראָדוקציאָן, מע קען איהר העכסטענס צוגלייכען צו דער אַרבייט פֿון אַ העכערען שטאַטס־בעאַמטען אָדער אַ גוטס־פֿערוואַלטער און דאָך זעהען מיר, דאָס אין דער היינטיגער ווירטשאַפֿטליכער אָרגאַניזאַציאָן קומט דער פֿערדינסט פֿון אַ בעאַמטען, אַ וויסענשאַפֿטס־מאַן אָדער אַ פֿערוואַלטער לאַנג ניט צו דעם יעהרליכען איינקונפֿט פֿון אַ פֿאַבריקאַנט. די זאָגענאַנטע גייסטיגע אַרבייט פֿון אַ פֿאַבריקאַנט צאָהלט זיך אַלזאָ פֿיל בעסער, ווי יעדע אַנדערע גייסטיגע אַרבייט.

אָבער דער געווין פֿון דעם פֿאַבריקאַנט קען אויך ניט בעטראַכט ווערען אַלס ריינע קאַפּיטאַל־רענט, ד.ה. זיין געווין ווערט ניט בעשאַפֿען דורך די יעהרליכע פּראָצענטען, וועלכע זיין קאַפּיטאַל ברייננגט איהם אריין; דען דער פֿאַבריקאַנט שטעלט ניט דעם פּרייז פֿון זיינע פּראָדוקטען גראַדע אַזוי הויך, דאָס נאָך דעם אַראָפּנעהמען די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען, צו וועלכע איך וויל אויך אַריינרעכענען זיין אייגענע גייסטיגע אַרבייט, זאָל איהם ניט מעהר איבריג בלייבען ווי פֿינף אָדער זעקס פּראָצענט פּראָפֿיט פֿון זיין קאַפּיטאַל. ניין, דער פּרייז פֿון די פּראָדוקטען ווערט בעשטימט לויט דער קאָנקורענץ פֿון די איבריגע פֿאַבריקאַנטען און לויט דעם גרעסערען אָדער קלענערען אָנבאָט פֿון אַרבייטס־קרעפֿטע; מיט איין וואָרט, דער פֿאַבריקאַנט וועט שטענדיג פֿערזוכען צו בעצאָהלען דעם אַרבייטער אַזוי וועניג ווי נאָר מעגליך פֿאַר זיין אַרבייט און צו פֿערקויפֿען

זיינע פּראָדוקטען צו דעם קויפער אַזוי טהייער ווי ער קען נאָר. ווען דער אָנבאָט פון אַרבייטס־קרעפטע איז זעהר שטאַרק און עס געלינגט דעם פאַבריקאַנט צו בעקומען אַרבייטער פאַר אַ הונגער־לוין און ווען ער האָט ניט צו פירכטען קיין קאָנקורענץ אָדער ווען אַנדערע אומשטענדען גיבען איהם די מעגליכקייט טהייער צו פערקויפען זיינע פּראָדוקטען, קלעהרט ער קיין מאָמענט ניט און נעהמט אַ פּראָפיט, וועלכער איז ניט נאָר פינף אָדער זעקס פּראָצענט, זאָנדערען הונדערט פּראָצענט און נאָך מעהר פון דעם קאַפּיטאַל, וועלכען ער האָט אַריינגעלייגט.

די פערטהיידיגער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אויסבייטונג זאָגען, דאָס ווען דער פאַבריקאַנט וואָלט פערטהיילט זיין פערדינסט אונטער זיינע אַרבייטער, וואָלט ער אַליין אָרעם געוואָרען, אָבער די אַרבייטער וואָלטען ניט רייכער ווערען דורך דעם, אַלעס וואָס זיי וואָלטען פּראָפיטירט איז אַ פּאָר גראָשען מעהר אַ טאָג. דיזער אַרגומענט איז ווירקליך אַ נאָבעלער, אַ מאָראַלישער אַרגומענט! די פראַגע איז ניט, אויב דער אַרבייטער וואָלט פיל אָדער וועניג געוואונען דורך דעם, ניין, די פראַגע איז: מיט וואָס פאַר אַ רעכט רויבט מען אַוועק פון דעם אַרבייטער אַ טהייל פון זיין פערדינסט צוגונסטען פון אַ קאַפּיטאַליסט? עס איז מעגליך, אַז דער אַרבייטער וואָלט נאָר עטליכע גראָשען מעהר פערדינט אַ טאָג, ווען מע וואָלט איהם געגעבען דעם פולען ווערטה פון זיין אַרבייט, אָבער מיט וואָס פאַר אַ רעכט צווינגט מען איהם אַוועקצוגעבען זאָגאַר דעם קלענסטען טהייל פון זיין אַרבייטס־ווערטה צו אַ פאַבריקאַנט, וועלכער האָט שוין אַרויסגענומען זיינע פּראָצענטען און אַ פיל צו רייכען לוין פאַר זיין פּראָבלעמאַטישע אַרבייט?

לאָמיר אָננעהמען פאַר אַ מאָמענט, דאָס אַ געזעץ זאָל צווינגען יעדען איינוואוינער פון דייטשלאַנד, צו צאָהלען יעהרליך אַ פעניג צו אירגענד אַ שמיט אָדער מייער, ניט דערפאַר ווייל דער בעטרעפענדער האָט געטהאָן עטוואָס גוטעס פאַר דער אַלגעמיינהייט, נאָר איינפאַך אַלס מתנה פאַר גאָרנישט. אַזאַ מאַן וואָלט אַלזאָ אַריינגעקראָגען יעהרליך כמעט אַ האַלבען מיליאָן מאַרק און קיינער וואָלט ניט געפיהלט דעם פערזענליכען פערלוסט, דען וואָס איז קלענער פון אַ פעניג?

און דאָך וואָלט אַזאַ געזעץ אַרויסגערופען די אויפרעגונג פון דער גאַנצער נאַציאָן און יעדער בירגער וואָלט פּראָטעסטירט מיט אַלע קרעפטען געגען דעם. אָבער דאָס עקאָנאָמישע געזעץ, וועלכעס לייגט אַרויף אויף דעם אָרעמסטען טהייל פון דער בעפעלקערונג, די פּראָלעטאַריער אַ שטייער ניט נאָר פון אַ פעניג, זאָנדערען אין בעסטען פאַל פון 30 ביז 40 און פילע מאָל פון 200 ביז 300 מאַרק אַ יאָהר צוגונסטען דעמזעלבען שמיט אָדער מייער, דיזעס געזעץ געפינען אַלע פאַר גאַנץ נאַטירליך און זעלבסט פערשטענדליך. די אונגערעכטיגקייט איז אין ביידע פעלע דיזעלבע, אָבער־מיר פיהלען גאָר ניט מעהר דאָס גרויסע אונרעכט, וועלכעס עס ווערט

בעגאַנגען געגען דאָס פּראָלעטאַריאַט, דערפֿאַר ווייל עס עקזיסטירט שוין פֿון יאָהרהונדערטע, מיר האָבען זיך שוין צוגעוואוינט צו דעם און געוועהנליך מוז די וואַהרהייט אָננעהמען אַן אויסערגעוועהנליכע פֿאָרם, אום אַריינצודרינגען אין די פֿערשלאָפֿענע גייסטער און הערצער.

מיר האָבען אַלזאָ געזעהן, דאָס דורך אייגענע אַרבייט קען מען ניט אָנזאַמלען קיין גרויסע רייכטהימער, זאָנדערען נאָר דורך די אויסבייטונג פֿון פֿרעמדע אַרבייט. די אייגענע אַרבייט קען אונז געבען די מעגליכקייט צו מאַכען אַ לעבען, פֿילייכט קענען מיר אויך אַ פּאָר גראָשען אַוועקלייגען אָן אַ זייט, אום אונז צו פֿערזיכערען פֿאַר די עלטערע יאָהרען אָדער פֿאַר די צייט פֿון אַ קראַנקהייט, אָבער זעהר זעלטען איז די פערזענליכע אַרבייט אימשטאַנדע צו שאַפֿען אַ קליינעם וואָהלשטאַנד.

עס גיט איינצעלנע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען, שריפֿטשטעלער, מאַהלער און שוישפּילער, וועלכע פֿערדינען דורך זייער פערזענליכע אַרבייט אַ מיליאָן מאַרק אַ יאָהר, און ווען אַזעלכע מענשען שטאַרבען קענען זיי איבערלאָזען אַ פֿערמעגען פֿון 20 מיליאָן מאַרק, וועלכער איז ניט ענטשטאַנען דורך די ספּעקולאַציאָן און ניט דורך די אויסבייטונג פֿון דער גרויס־אינדוסטרי. אָבער אַזעלכע פערזאָנען זיינען ניט צאָהלרייך. אפשר גיט עס אַ 200 פֿון זיי, אפשר נאָך קיין 100 ניט. אויך זייער רייכטהום האָט שוין אַ פּאַראַזיטישען כאַראַקטער און דער איינציגער, וועלכער מאַכט פֿילייכט אַן אויסנאַהמע, איז דער שריפֿטשטעלער. ווען אַ שרייבער פֿערדינט אַ מיליאָן מאַרק, ווייל ער איז געווען אימשטאַנדע צו שרייבען אַ בוך, וואָס האָט זיך פֿערקויפֿט אין איין אָדער צוויי מיליאָן עקזעמפּלאַרען, דאַן איז דיזע מיליאָן מאַרק ניט מעהר ווי דער לאָהן פֿאַר אַ גייסטיגע אַרבייט, וועלכע די גאַנצע מענשהייט האָט פֿרייוויליג און מיט פֿערגניגען בעצאָהלט. ווען אָבער אַ מאַהלער פֿערקויפֿט אַ בילד פֿאַר אַ האַלב מיליאָן מאַרק, ווען אַן אַרצט נעהמט 50,000 מאַרק פֿאַר אַן אָפּעראַציאָן אָדער אַן אַדוואָקאַט נעהמט דיזעלבע סומע פֿאַר אַ פּראָצעס, ווען אַ בעריהמטע זינגערין בעקומט 20,000 מאַרק פֿאַר איין פֿאָרשטעלונג, דאַן שטעלען דיזע סומען ניט פֿאָר דעם פֿרייוויליגען לוין פֿאַר אינדיווידועלע לייסטונגען, וועלכער איז פֿון דער מאַסע אַליין פֿעסטגעשטעלט געוואָרען, נייז, דיזע סומען זיינען דער אַריטהמעטישער בעוויז, דאָס עס גיט אין אונזער קולטור־וועלט אַ קליינע מינאָריטעט פֿון מיליאָנערען, וועלכע האָבען ניט דעם קלענסטען מאַסשטאַב פֿאַר דעם ווערטה פֿון געוויסע לייסטונגען, דערפֿאַר ווייל זיי האָבען ניט ערהאַלטען זייערע רייכטהימער דורך אייגענע אַרבייט — און אום צו בעפֿרידיגען זייערע פערזענליכע קאַפּריזען, וואַרפֿען זיי אַרויס אונגעהייערע סומען פֿאַר דעם גענאַנג פֿון אַ בעשטימטער קינסטלערין אָדער פֿאַר די טהעטיגקייט פֿון אַ בעשטימטען אַרצט אָדער אַדוואָקאַט.

אָבער אויסער דיזע וועניגע אויסנאַהמען, צייגט אונז די אַלגעמיינע

רעגעל, דאָס גרויסע רייכטהימער ענטשטעהען אימער דורך די אויסבייטונג פֿון פֿרעמדע אַרבייטס־קראַפֿט, זייער איינציגער אורשפרונג איז די אויס־בייטונג פֿון איין מענשען דורך דעם צווייטען. ווען דאָס שטיק לאַנד, וועלכעס דער גרונד־בעזיצער האָט בעקומען בירושה, האָט געקראָגען אַ גרעסערען ווערטה, איז עס דערפֿאַר, ווייל די צאָהל פֿון די אַרבייטער, וואָס זיינען אַוועקגעריסען געוואָרען פֿון דעם אַקער, וואַקסט פֿון טאָג צו טאָג, די אינדוסטרי ענטוויקעלט זיך אַלס מעהר, די גרויסע שטעט ווערען אימער צאַהלרייכער, דער פרייז פֿון די לעבענסמיטלען ווערט העכער אין דעמזעלבען גראַד, ווי דער פרייז פֿון די אינדוסטרי־פּראָדוקטען פֿאַלט, מיט איין וואָרט, דער ווערטה פֿון אַ שטיק לאַנד ווערט גרעסער, ניט דערפֿאַר, ווייל דער גרונדבעזיצער האָט זעלבסט געאַרבייט פֿאַר דעם, נאָר דערפֿאַר, וואָס אַנדערע אינדיווידוען האָבען געאַרבייט.

ווען דער ספעקולאַנט קלייבט צוזאַמען מיליאָנען, קען ער עס נאָר טהאָן דורך דירעקטע שווינדלערייען, און די מיטלען, מיט וועלכע ער גנב'עט אַוועק די אָבגעשפּאָרטע גראָשען פֿון זיינע מיטמענשען, זיינען פונקט דיזעלבע, ווי די מיטלען פֿון אַ געוועהנליכען באַנדיט. ווען דער פֿאַבריק־בעזיצער ווערט מיט דער צייט אַ מיליאָנער, איז עס נאָר מעגליך דורך די סיסטעמאַטישע אויסבייטונג פֿון די אַרבייטער, וועלכע ערהאַלטען פֿאַר זייער טהעטיגקייט עטוואָס פֿוטער און אַ שטאַל, פונקט ווי אַנדערע בהמות, נאָר ניט אַזוי רייכליך, וועהרענד דער גאַנצער ווערטה פֿון זייער פּראָדוקציאָן געהט אריין אין די קעשענעס פֿון זייערע אויסבייטער.

נאָר אין דיזען זין איז צו פֿערשטעהן דער איבערטריבענער זאַץ פֿון פּרודהאָן: „אייגענטהום איז גניבה". דאָס אייגענטהום, וועלכעס ענט־שטעהט דורך פערזענליכע אַרבייט, אייגענטהום, וועלכעס ענטשטעהט דורך דעם אויסטויש פֿון אַ געוויסער קוואָנטיטעט אַרבייט פֿאַר אַ געוויסער קוואָנטיטעט אַנדערע פּראָדוקטען, אַזאַ אייגענטהום איז קיין גניבה ניט; אָבער דאָס גרויס־קאַפּיטאַל, די צוזאַמענקלייבונג פֿון גיטער אין די הענד פֿון אַ בעשטימטען אינדיווידואום, וועלכע איז ענטשטאַנען דורך די אויסבייטונג פֿון פֿרעמדע אַרבייטס־קראַפֿט, דיזעס אייגענטהום איז ניט מעהר ווי אַ רויבעריי.



## די היינטיגע ארבייט איז א שאַנדע.

—)::(—

ד י מינאָריטעט פֿון די רויבערס, פֿאַר וועלכע די גאַנצע געזעלשאַפֿט איז געצוואונגען צו אַרבייטען, האָבען זיך שטאַרק און מעכטיג אָרגאַניזירט. זיי האָבען די גאַנצע פּאָליטישע געזעצגעבונג, וועלכע געפֿינט זיך שוין זייט יאָהרהונדערטע אין זייערע הענד, שטענדיג בענוצט פֿאַר זייערע

פערזענליכע אינטערעסען. ביי יעדען געזעץ פון אונזערע צוויליזירטע שטאַטען קען מען אויסרופען מיט מאָליער: „איהר זייט אַ רייכער מאַן הער געזעץ־געבער אָדער איהר רעכענט צו ווערען רייך; דערפאַר ערקלעהרט איהר יעדע זאַך פאַר אַ פערברעכען, וועלכע קען אייך פערהינדערען צו געניסען און צו מיסברויכען אייער רייכטהום."

אַלעס וואָס אַ מענש קען צונעהמען, אָהנע זיך דירעקט צו בענוצען מיט דעם קולאַק, איז און בלייבט זיין אייגענטהום. און זאָגאַר דאַן, ווען די גענעאַלאָגי* פון אַ פערמעגען איז אַ שטענדיגע אורזאַכע פון רויב און מאָרד (ווי צ.ב.ש. עראָבערונגען, קאָנפיסצירונג פון דעם אייגענטהום דער קירכע א.ז.וו.) ווערט דאָס פערברעכען אַ הייליגע אייגענטהומס־בערעכטיגונג, ווען דער פערברעכער האָט געהאַט די מעגליכקייט צו ערהאַלטען זיין פערמעגען פאַר אַ געוויסע צייט.

אָבער דאָס געוועהנליכע געזעץ, וועלכעס שטיצט זיך אויף די פאָליציי און זשאַנדאַרמען, איז נאָך ניט גענוג פאַר דעם מיליאָנער. ער בענוצט זיך אויך מיט דעם אַבערגלויבען פון דער מאַסע און פאָדערט פון דער רעליגיאָן, אַ שלאָס פאַר זיין געלד־שראַנק. דערפאַר האָט ער אַריינגע'־גנב'עט אין די לעהרען פון דעם קאַטעכיזמוס דעם זאַץ, אַז דאָס אייגענטהום איז אַ הייליגע זאַך, און דאָס יעדער איינער, וועלכער האָט אפילו נאָר אַן אינערליכען פערלאַנג נאָך דעם פערמעגען פון זיין נאָכבאַר, וועט בעשטראָפט ווערען מיט גיהנום פאַר זיינע פערברעכערישע געדאַנקען. ער פראָסטיטואירט זאָגאַר די מאָראַל, מיט דעם וואָס ער פרייידיגט צו די מענשען, וועלכע לאָזען זיך אויסבייטען פון איהם, אַז די אַרבייט איז די גרעסטע טוגענד און דאָס אַ מענש ווערט ספּעציעל געבאָרען, אום צו אַרבייטען אַזוי פיל ווי נאָר מעגליך.

ווי אַזוי קומט עס, אַז די בעסטע און עהרליכסטע גייסטער האָבען געגלויבט דיזען לעבערליכען אונזין זייט יאַהרטויזענדע? אויף וואָס פאַר אַ געזעץ האָבען זיי געגרינדעט זייער גלויבען? עס גיט ניט אין דער גאַנצער וועלט קיין אָרגאַניזמוס, וועלכער זאָל בעטראַכטען די אַרבייט אַלס אַ זעלבסט־צוועק, ד.ה. וועלכער זאָל אַרבייטען, אום צו אַרבייטען. ביי אַלע לעבעדיגע וועזען איז די אַרבייט נאָר אַ מיטעל צו ערהאַלטען זייער פערזענליכע עקזיסטענץ און די עקזיסטענץ פון זייער ראַסע און קיינער וועט ניט מעהר אַרבייטען, ווי דיזער דאָפּעלטער צוועק פאָדערט פון איהם.

מען האָט ערקלעהרט, אַז דורך די אַרבייט ענטוויקלען און ערהאַלטען זיך די אָרגאַנען פריש און געזונד און דורך לייִדיגגעהן שטאַרבען זיי לאַנגזאַם אָב. די פערטהיידיגער פון דער גרויסקאַפּיטאַליסטישער מאָראַל בענוצען זיך מיט דיזען אַרגומענט אויס דער פיזיאָלאָגי, זיי פערגעסען

*) גענעאַלאָגי הייסט אַבשטאַמונג.

אָבער צו בעמערקען, דאָס דורך צופיל אַרבייט ווערען די אָרגאַנען שנעלער צושטערט, ווי דורך גאָר קיין אַרבייט. רוהע און ליידיגגעהן איז פאַר דעם מענשען, פונקט ווי פאַר אַלע אַנדערע טהירע פיל אַנגענעהמער, ווינשענסווערטהער און נאַטירליכער, ווי אַרבייט און אַנשטריינגונג. די אַרבייט איז ניט מעהר ווי אַ פיינליכע נויטווענדיגקייט, וועלכע איז נויטיג פאַר די ערהאַלטונג פון לעבען. דער ערפינדער פון דעם ביבלישען גן עדן, אַזוי נאַאיוו ווי ער איז געווען, האָט ער דאָך קלאָהר און דייטליך געפיהלט דיזע וואַרהייט. דערפאַר האָט ער אונז דערצעהלט, אַז די ערשטע מענשען האָבען אין אָנפאַנג געלעבט, אָהנע אירגענד וועלכע פראָדוקטיווע טהעטיגקייט, און די שווערע אַרבייט, וועלכע מאַכט אַראָבגיסען דעם שוויים פון פנים ווערט אונז פאָרגעשטעלט אַלס די ערגסטע שטראַפע פאַר די בעגאַנגענע פערברעכען געגען דעם געטליכען ווילען.

די נאַטירליכע און זאָאָלאָגישע מאָראַל וואָלט די רוהע ערקלעהרט אַלס די בעסטע זאַך, זי וואָלט ערקלעהרט, דאָס פאַר דעם מענשען איז נאָר אַזויפיל אַרבייט ניצליך און ווינשענסווערטה, וויפיל די ערהאַלטונג פון זיין עקזיסטענץ פאָדערט אונבעדינגט פון איהם. אַזאַ מאָראַל וואָלט אָבער ניט געווען נאָך דעם געשמאַק פון די קאַפּיטאַליסטישע אויסבייטער, דען זייער אינטערעסע פאָדערט, אַז די מאַסע זאָל מעהר אַרבייטען, ווי עס איז נויטיג פאַר די ערהאַלטונג פון איהר עקזיסטענץ, אום זיי זאָלען קענען אַוועקרויבען פון איהר דעם איבערשוס פון דער פראָדוקציאָן. דערפאַר האָבען זיי אונטערדריקט די נאַטירליכע מאָראַל און ערפונדען אַ נייע. זייערע פילאָזאָפען האָבען פערזוכט איהר צו בעגרינדען, איהרע פריידיגער האָבען איהר פערהערליכט, איהרע דיכטער האָבען איהר בעזונגען, אַלע ערקלעהרען איינשטימיג, אַז פוילקייט איז די אורזאַכע פון אַלע איבלען און אַרבייט איז די העכסטע טוגענד, וועלכע אַ מענש קען בעזיצען.

נאַטירליך, די אויסבייטער זיינען זעהר פאָרזיכטיג מיט דער פראַקטישער אַנווענדונג פון זייער מאָראַל; זיי אַליין ווילען זיך קיין מאָל ניט אונטער וואַרפען זייערע מאָראַל-געזעצע, און דורכדעם בעווייזען זיי קלאָהר און דייטליך, דאָס זיי אַליין גלויבען ניט אין די וואַהרהייט פון זייערע לעהרען. ליידיגגעהן איז נאָר אַ פערברעכען ביי די אָרעמע, פאַר די רייכע איז עס אַ צייכען פון אַ פאָרנעהמער און פריוויליגירטער שטעלונג אין דער געזעלשאַפט. אויף דער איינער זייט ערקלעהרען זיי די אַרבייט אַלס די העכסטע טוגענד און אויף דער אַנדערער זייט איז דיזעלבע אַרבייט אַ שאַנדע פאַר אַ רייכען מאַן און אַ צייכען פון אַ נידריגער שטעלונג אין דער געזעלשאַפט. דער מיליאָנער וועט דעם אַרבייטער שטענדיג ערקלעהרען די ערהאַבענע ראָלע פון דער אַרב״ט, אָבער ער וועט איהם קיינמאָל ניט דולדען אין זיין געזעלשאַפט, דען אַלס אַן אַרבייטער שטעהט ער נידריגער פון איהם אין דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, וועלכע

אַנערקענט די קאַפּיטאַליסטישע מאָראַל אַלס דאָס העכסטע געזעץ. די געזעלשאַפֿט האַלט אין איין לויבען די פֿלייסיגע, אָבער אין דערזעלבער צייט גיט זי די פֿלייסיגע די שלעכטעסטע פלעצער; זי קושט די ווייסע און צאַרטע האַנד פֿון דעם בורזשואַ און שפּייט אויף די האַרטע און אויסגעהאָרעוועטע האַנד פֿון דעם אַרבייטער. דעם מיליאָנער בעטראַכט זי אַלס אַ האַלבען גאָט און דעם אַרבייטער ווי אַ וואַגאַבונד. וואָרום? ערשטענס צוליב די איבערגעבליבענע וואָרצלען פֿון די מיטעלאַלטער־ליכע פֿאָרשטעלונגען און צווייטענס, ווייל האַנד־אַרבייט איז אין אונזער געזעלשאַפֿט נאָר אַ בעשעפֿטיגונג פֿאַר אונגעבילדעטע מענשען.

אים מיטעל־אַלטער איז די פֿוילקייט געווען אַ פריווילעגיום פֿון דער אַריסטאָקראַטיע ד. ה. אַ פריווילעגיום פֿון אַ העכערע ראַסע עראָבערער; די אַרבייט איז דאַן געווען אַ געצוואונגענע בעשעפֿטיגונג פֿון'ם פֿאָלק, פֿון דער נידריגער ראַסע, פֿון די בעזיגטע און אונטערדריקטע. מיט דעם וואָס אַ מענש האָט געאַרבייט, האָט ער בעוויזען, דאָס ער איז אַ זוהן פֿון אַזעלכע מענשען, וועלכע זיינען אויף דעם שלאַכט־פֿעלד ניט געווען אַזוי מוטהיג און שטאַרק, ווי דער פֿרייער הערר, וועלכער האָט געהאַט דאָס רעכט, צו מאַכען אַ לעבען פֿון זיינע גיטער אָדער פֿון זיין שווערד. דער אַריסטאָקראַט האָט דאַן געקוקט אויף אַלע די יעניגע, וועלכע האָ־בען זיך בעשעפֿטיגט מיט פראָדוקטיווער אַרבייט, מיט אַן אינערליכען זעלבסט־געפֿיהל, פונקט ווי מיר קוקען היינט אויף אַ פּאַפּואַ אָדער בושנע־גער,* דערפֿאַר ווייל מיר שטעהען אַנטראָפּאָלאָגיש** העכער פֿון זיי. היינט זיינען אַרבייט און לייידיגגעהען ניט מעהר די צייכענס פֿון אַ געוויסער ראַסע; די מיליאָנערען זיינען ניט די קינדער פֿון די אַלטע עראָבערער און די מאָדערנע פראָלעטאַריער זיינען ניט מעהר די קינדער פֿון די אונטעריאָכטע אים מיטעלאַלטער. אָבער דאָס אַלטע פֿאָראורטהייל, וועלכעס ערקלערט די אַרבייט פֿאַר אַ שאַנדע, האָט זיך ערהאַלטען ביז אויף'ן היינטיגען טאָג. פונקט ווי דער אַלטער באַראָן האָט געלאָזט אַר־בייטען זיין בויער פֿאַר זיך, אַזוי לאָזט דער קאַפּיטאַליסט היינט אַרבייטען די פראָלעטאַריער פֿאַר זיינע אינטערעסען און קוקט אויף זיי, ווי אויף אַ מין זאָרט בהמות, אָבער ניט ווי אויף מענשען, וועלכע שטעהען גלייך צו איהם.

האַנדאַרבייט האָט אין דער היינטיגער קולטור דיזעלבע בעדייטונג ווי אונוויסענהייט. און ווירקליך, די גאַנצע אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער מאָדערנער געזעלשאַפֿט פֿערשליסט די בעזיצלאָזע די טהירען פֿון די שולען און אוניווערזיטעטען. דער זוהן פֿון'ם אָרעמאַן איז קוים אימשטאַנדע צו בע־זוכען אַ פֿאָלקס־שולע, פֿון אַ גימנאַזיע אָדער אַ בעסערע שולע איז

*) די פּאַפּואַס און בושנעגער זיינען זעהר נידריגע און גייסטיג צוריקגעבליבענע מענ־שען־ראַסען.

**) אַנטראָפּאָלאָגי: וויסענשאַפֿט, וועלכע בעשעפֿטיגט זיך מיט דער פֿיזישער און גייסטיגער נאַטור פֿון'ם מענשען.

איבערהויפט ניט קיין רעדע, דען די נויט צווינגט איהם, צו פערקויפען זיין אַרבייטס־קראַפט אַזוי באַלד ווי מעגליך. דאָס איז אַ גוטער ביישפיל פאַר די צוועקמעסיגקייט פון אונזערע געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען. די טהייערסטע ערציהונגס־אַנשטאַלטען און בילדונגס־אינסטיטוטען ווערען ערהאַלטען דורך'ן שטאַאַט, ד. ה. דורך די שטייערען און אָבגאַבען פון דער אַלגעמיינער מאַסע. אַרבייטער און מיליאָנערען מוזען ביטראָגען צו דיזען צוועק, אָבער נאָר די יעניגע קענען האָבען נוצען פון דיזע אינסטיטוציאָנען, וועלכע זיינען אימשטאַנדע צו פערברייננגען די ערשטע 18 אָדער 23 יאָהר פון זייער לעבען אָהן פראָדוקטיווע טהעטיגקייט. דער פראָלעטאַריער, וועלכער קען זיינע אייגענע קינדער ניט געבען קיין העכערע בילדונג, ווייל ער איז צו אָרעם צו דעם, מוז טראָגען דעם בעצאָהלען פאַר דאָס סטודיאום פון די רייכע קינדער, דען פון די שטייערען, וועלכע ער בעצאָהלט דעם שטאַאַט, ווערען ערהאַלטען די העכערע שולען.

די ענגלענדער און אַמעריקאַנער זיינען ביז צו אַ געוויסען גראַד לאָגישער אין דיזער בעציהונג. ביי זיי זיינען די העכערע בילדונגס אינסטיטוציאָנען, וועלכע קענען ניט בענוצט ווערען פון דער אַלגעמיינהייט, פריוואַט־אונטערנעהמונגען אָדער זיי ווערען ערהאַלטען דורך פרייוויליגע ביטרעגע. אין אלע אנדערע שטאַטען ווערען די שולען ערהאַלטען דורך די שטייערען פון אַלעמען, צום נוצען פון איינציגע, וועלכע בילדען נאָך ניט איין פראָצענט פון דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג. און ווער זיינען די אויסערוועהלטע, פאַר וועלכע דער שטאַאַט ערהאַלט מיט דעם געלד פון די שטייער־צאָהלער גימנאַזיאומס, רעאַל־שולען, אוניווערזיטעטען א.ז.וו.? זיינען עס די פעהיגסטע פון אַ גענעראַציאָן? לאָזט דער שטאַאַט נאָר צו אין זיינע העכערע שולען אַזעלכע מענשען, ביי וועלכע דער אונטעריכט פון די גוטבעצאָהלטע פראָפעסאָרען קען ברייננגען די געווינשטע פרוכטען? גיט ער אונז אַ גאַראַנטי, אַז ניט דומקעפּ זאָנדערען ווירקליך אינטעליגענטע יונגע לייט זאָלען בעזוכען די בילדונגס־אינסטיטוטען? ניין, דער שטאַאַט, וועלכער האָט איינגעריכטעט העכערע שולען ניט פאַר אַלע, זאָנדערען נאָר פאַר איינציגע, פרעגט ניט, אויב אַ יונגער מאַן האָט די נויטיגע גייסטיגע פעהיגקייטען צו סטודירען, נאָר אויב ער האָט די נויטיגע פינאַנציעלע מיטלען פאַר דיזען צוועק. אַ צווייפיסיגער פערד, אָהן פעהיגקייט און טאַלענט בעזוכט די גימנאַזיע און געניסט די גייסטיגע נאַהרונג אָהן אַ נוצען פאַר דער געזעלשאַפט, ווען ער איז נאָר גענוג רייך, צו בעצאָהלען די קאָסטען פון זיין סטודיום, און דער אינטעליגענטעסטער יונגער מאַן איז אויסגעשלאָסען פון די העכערע שולען, דערפאַר ווייל ער איז אָרעם און האָט ניט קיין געלד און די געזעלשאַפט פערלירט פיל דורך דעם אַ גענטהע אָדער אַ קאַנט.

אַזוי זיינען אַלע געזעלשאַפטליכע און עקאָנאָמישע איבלען פערבונדען ווי אַן אייזערנער רינג, פון וועלכען עס גיט ניט קיין אויסוועג: דער

אַרבייטער איז פֿעראַכטעט, ווייל ער איז אונגעבילדעט און ער קען זיך ניט בילדען, ווייל בילדונג קאָסטעט געלד, אַ זאַך, וועלכע ער האָט ניט. די רייכע האָבען ניט נאָר מאָנאָפּאָליזירט אַלע מאַטעריעלע גענישע, זיי האָבען אויך אויסגעשלאָסען די אָרעמע פֿון אַלע גייסטיגע לעבענס-קוועלען. די ערהאַבענסטע גיטער פֿון דער ציוויליזאַציאָן, גייסטיגע קולטור, פּאָעזי, קונסט, עקזיסטירען טהאַטזעכליך נאָר פֿאַר זיי און בילדונג איז איינע פֿון זייערע וויכטיגסטע און דריקענדסטע פּריווילעגיומס. און ווען עס האָט ווירקליך אַמאָל געלונגען, דאָס אַ מענש פֿון די אונטערשטע קלאַסען זאָל בעקומען דורך ענטבעהרונג און ערנידריגונג, דורך בעטלעריי אָדער איבער־מענשליכע אַנשטריינגונגען אַ העכערע בילדונג און ערהאַלטען אַן אוני־ווערזיטעטס-דיפּלאָם, וועט ער זיך נאָכדעם ניט צוריקנעהמען צו דער אַרבייט פֿון זיינע עלטערען, אום מיטצוהעלפֿען צו צושטערען אַ גע־זעלשאַפֿטליכעס פֿאָראורטהייל, מיט דעם וואָס ער צייגט, דאָס אַ האַנד־אַרבייטער קען שטעהען אויף דערזעלבער שטופֿע פֿון גייסטיגער קולטור, ווי אַ בעאַמטער אָדער אַן איינגעטריקענטער פּראָפֿעסאָר, ניין ער וועט דאָס פֿאָראורטהייל נאָך מאַכען שטאַרקער און אויך אָנפֿאַנגען צו פֿער־אַכטען די האַנדאַרבייט, אום צו בעקומען אַ שטעלע אין די רייהען פֿון די פּריווילעגירטע און צו לעבען אויף די קאָסטען פֿון דעם פֿאָלק.

עס גיט האַנד-ווערקע, מיט וועלכע אַ מענש מיט עטוואָס געשיקליכקייט קען פֿערדינען 3,000 מאַרק אַ יאָהר. עס איז אויך זיכער, דאָס ניין צעהנטעל פֿון אַלע שטאַטס-אַנשטעלונגען און שטעלען אין האַנדעל־דינסט ברייגגען יעהרליך ניט מעהר איין ווי 2,400 מאַרק פֿערדינסט. און טראָצדעם וועט דער סטודירטער שטענדיג פֿאָרציהען די 2,400 מאַרק, וועלכע זיינען פֿערבונדען מיט גרעסערע פּערזענליכע שקלאַפֿעריי ווי די 3,000 מאַרק פֿון דעם האַנד-ווערקער, דען אַלס בעאַמטער בעלאַנגט ער צו די פּריווילעגירטע אין דער געזעלשאַפֿט, צו דער געשלאָסענער קלאַסע פֿון די בילדונגס-פֿיליסטער, אָבער אַלס אַן אַרבייטער שטעהט ער אויסערהאַלב די זאָגענאַנטע בילדונגס-קרייזען, מע קוקט אויף איהם ווי אויף אַ באַרבאַר, ווייל ער האָט ניט איינגעאַטהעמט דיזעלבע אַטמאָספֿערע פֿון די געבילדעטע.

דיזער לעכערליכער פֿאָראורטהייל וואָלט באַלד פֿערשוואונדען געוואָרען, ווען אַ שטודירטער וואָלט זיך געשטעלט אַרבייטען ביין הובעל-באַנק, ווען אַ שלאָסאַר וואָלט געלעזען זיין האָראַץ און אַ שוסטער וואָלט בעזוכט נאָך זיין אַרבייט „עסטעטישע טהע-געזעלשאַפֿטען", אום דאָרטען זיך צו אונטערהאַלטען ווי דער בעסטער קאַנצעלליי-אַסיסטענט; דען די עהרליכע אַרבייט האָט איבעראַל דיזעלבע ווירדע, אויב זי בעשעפֿטיגט זיך מיט דער פּראָדוקציאָן פֿון קליידער אָדער מיט דעם בויען פֿון אייזענבאַהנען און דער שניידער געניסט אין דער געזעלשאַפֿט דיזעלבע רעכטע ווי דער אינזשעניר, דען די גייסטיגע בילדונג פֿון ביידע איז דיזעלבע.

דער סטודירטער טהוט אָבער ניט דאָס געריננסטע, אום צו שאַפֿען פֿערנינפֿטיגע צושטענדע אין דיזער בעציהונג. פֿאַר איהם איז די אַרבייטס בלוזע די אוניפֿאָרם פֿון די דומקעפּ, און ער ציהט בעסער פֿאָר צו הונגערען אין אַן אָבגעטאָגענעם רעקעל, איידער זיך זאַט צו עסען אין די קליידער פֿון אַן אַרבייטער. דיזער לעבערליכער פֿאָראורטהייל איז די אורזאַכע פֿון איינע פֿון די געפֿעהרליכסטע פֿאָרמען, וועלכע די סאָציאַלע פֿראַגע האָט אָנגענומען — דער איבערפֿלוס פֿון זאָגענאַנטע גייסטיגע פּראָלעטאַריער. דער סטודירטער האַלט זיך פֿאַר צו גוט — און אונטער די געגענווערטיגע אומשטענדען איז דאָס זעהר בעגרייפֿליך — אום אַראָבצושטייגען אין די אונטערסטע אַבטהיילונגען פֿון דער געזעלשאַפֿט און צו ווערען אַ האַנט־אַרבייטער, דערפֿאַר פֿאָדערט ער פֿון דער געזעלשאַפֿט, אַז זי זאָל איהם געבע צו עסען און איהם בעטראַכטען פֿאַר אַ גאַנצען קנאַקער. די געזעלשאַפֿט האָט אָבער קיין בעדירפֿנים פֿאַר דיזען איבערפֿלוס פֿון סטודירטע און דערפֿאַר איז אַ העלפֿט פֿון אַלע דיאיעניגע, וועלכע האָבען בעזוכט העכערע שולען, פֿעראורטהיילט לאַנגזאַם צו גרונדע צו געהן, שטעהענדיג פֿאַר די פֿולע טישען פֿון די רייכע מיט הונגעריגע מאָגענס.

עס גיט אַ געוויסער סאָרט „מענשען־פֿריינד", וועלכע בעטראַכטען דעם קריג און די פעסט פֿאַר וואָהלטהעטיגע און ניצליכע ערשיינונגען, דערפֿאַר וועיל זיי מאַכען פלאַץ פֿאַר די, וואָס בלייבען. דיזעלבע „פֿילאַנטראָפּען" האָבען ערקלעהרט, אַז די בילדונג איז איינע פֿון די ערגסטע איבלען און דאָס די פֿערמעהרונג פֿון העכערע שולען איז אַן אַטענטאַט געגען די זיכערהייט פֿון דער געזעלשאַפֿט, ווייל מע שאַפֿט דורכדעם אונצופֿרידענע, צוקונפֿטיגע באַריקאַדען־קעמפֿער און רעוואָלוציאָנערען. אורטהיילענדיג פֿון'ם היינטיגען שטאַנדפונקט, זיינען זיי ניט אונגערעכט. אַזוי לאַנג ווי דער סטודירטער פֿיהלט זיך ערנידריגט דורך די האַנדאַרבייט, ווייל דער אַרבייטער איז איבעראַל פֿעראַכטעט, אַזוי לאַנג ווי ער בעטראַכט זיין דיפּלאָם אַלס אַ געזעלשאַפֿטליכעס פֿערזאָרגונגס־מיטעל, וועלכע בערעכטיגט איהם צו פֿיהרען דאָס לעבען פֿון אַ רייכען ליידיגגעהער, זאָלאַנג וועט איהם די זאָגענאַנטע בילדונג מאַכען פֿיל אונגליקליכער ווי זאָגאַר דעם געוועהנליכען אַרבייטער און פּראָלעטאַריער.

עס גיט נאָר איין מיטעל אַוועקצומאַכען מיט דיזע אוננאַטירליכע צושטענדע — די בילדונג מוז ווידער ווערען אַ זעלבסט־צוועק און ניט אַ פֿערזאָרגונגס־מיטעל פֿאַר איניגע פריווילעגירטע. דער מענש מוז בעגרייפֿען, דאָס די בילדונג אַן און פֿיר זיך איז שוין אַן אויסגעצייכענטער לוין פֿאַר אַלע אַנשטריינגונגען, וועלכע זי האָט ערפֿאָדערט; דער געבילדעטער מוז בעגרייפֿען, דאָס ער האָט קיין רעכט ניט צו ערוואַרטען נאָך אַן אַנדער לוין פֿאַר זיינע גייסטיגע אַנשטריינגונגען און זיינע קענטניסע זיינען ניט קיין גרונד, דאָס ער זאָל זיך ניט דאַרפֿען בעשעפֿטיגען מיט פּראָדוקטיווע אַרבייט. דער געבילדעטער מענש האָט אַ פֿיל רייכערעס און טיפֿערעס

בעוואוסטזיין פֿון זיין איך, ער בעגרייפֿט פֿיל בעסער און גרינדליכער די ערשיינונגען דער וועלט און געניסט מעהר די קינסטלערישע שעהנהייטען און די גייסטיגע געניסע פֿון׳ם לעבען, ווי דער אונוויסענדער מענש. עס איז אַלזאָ זעהר אונדאַנקבאַר, ווען ער פֿאָדערט אויסער דיזע אַלע רייכטהימער פֿון׳ם אינערליכען לעבען, אויך נאָך ברויט פֿון דער געזעלשאַפֿט. צו פֿערדינען זיין ברויט איז די אויפֿגאַבע פֿון די הענד, און עס גיט ניט קיין גרונד, וואַרום דער געבילדעטער מענש זאָל ניט נעהמען קיין אַנטהייל אין דער פּראָדוקטיווער געזעלשאַפֿטליכער טהעטיגקייט. אויף דער אַנדער זייט איז די געזעלשאַפֿט פֿערפֿליכטעט צו מאַכען די בילדונג צו אַן אַלגעמיינעם גוט. יעדערע, וואָס בעזיצט די נויטיגע פֿעהיגקייטען, מוז געפֿינען אַ געלעגענהייט דיזע פֿעהיגקייטען צו ענטוויקלען, די גימנאַזיומס און אוניווערזיטעטען מוזען זיין אָפֿען פֿאַר אַלעמען און ניט נאָר פֿאַר איניגע פּריווילעגירטע.

מיר אַנערקענען היינט שוין איבעראַל די נויטווענדיגקייט, דאָס אַ מענש זאָל קענען לעזען און שרייבען. וואַרום אַלזאָ זאָלען מיר די בילדונג נאָר צולאָזען ביז צו אַ געוויסען פּונקט? וואַרום זאָלען מיר ניט בעגרייפֿען, אַז דער סטודיום פֿון די נאַטורוויסענשאַפֿטען און דער שעהנער ליטעראַטור איז פּונקט אַזוי נויטווענדיג און ניצליך ווי די קונסט צו לעזען און שרייבען? נאָר דורך די פֿעראַלגעמיינונג פֿון דער בילדונג איז עס מעגליך אַוועקצומאַכען מיט אַלע די לעבערליכע פֿאָראורטהיילע, וועלכע טהיילען פֿונאַנדער די אַרבייטער פֿון די זאָגענאַנטע געבילדעטע. אין דעם אויגענבליק, ווען די בילדונג וועט זיין אַ זעלבסט-צוועק, אַ מיטעל צו ענטוויקלען די גייסטיגע קולטור פֿון יעדען איינעם, אין דיזען אויגענבליק וועט מען די אַרבייט ניט מעהר בעטראַכטען אַלס אַ שאַנדע.



## דער פּראָלעטאַריער.

—)::(—

לעבען דער קליינער מינאָריטעט פֿון רייכע לײדיגגעהער, וועלכע לעבען פֿון דעם שוויס פֿון די פֿלייסיגע און דער גרויסע פֿון איבער־פֿליסיגע, וועלכע גלויבען, דאָס זייער דיפלאָם גיט זיי די בערעכטיגונג צו לעבען אַ גוטען טאָג אויף די קאָסטען פֿון דער געזעלשאַפֿט, זעהען מיר אין דעם בילד פֿון אונזערע עקאָנאָמישע צושטענדע די געשטאַלט פֿון דעם בעזיצלאָזען אינדוסטרי־אַרבייטער, וועלכען מע האָט אַוועקגעריסען פֿון דער פֿרוכטבאַרער ערד. וואָס פֿאַר אַ טראַגישע געשטאַלט אין מיטען אונזער בעריהמטער ציוויליזאַציאָן! איז דיזער פּראָלעטאַריער ניט די

שטאַרקסטע און פֿורכטבאַרסטע קריטיק געגען אונזער גאַנצע מאָדערנע קולטור? מע דערמאָנט אָפֿט די ווערטער, מיט וועלכע לאַ ברויער האָט פֿאָרגעשטעלט דעם פֿערשקלאַפֿטען בויער פֿון זיין צייט: „ער איז אַ מין פֿינסטערע, מורא'דיגע חיה, וועלכע פֿרעסט דאָס גראָז פֿון די לאָנגקעס, קריכענדיג אויף אַלע פֿיער פֿיס; ער וואוינט אין אַ הייל און ווען ער דערזעהט אַ מענשען ענטלויפֿט ער פֿון איהם מיט מורא'דיגע בליקען. און דאָך האָט די חיה אַ מענשליכען פּנים, און דאָך איז דיזעס עלענדע וועזען אַ מענש!"

דיזע בעשרייבונג פּאַסט אויך אויף דעם מאָדערנעם פּראָלעטאַריער. עלענד גענעהרט, לעבענדיג הויפּזעכליך פֿון קאַרטאָפֿעל און שלעכטע פֿלייש־ברעקלעך, פֿערגיפֿטעט פֿון אַלקאָהאָל, וועלכער גיט איהם דאָס בעטריגערישע בעוואוסטזיין פֿון אַ פֿאַלשע זאַטקייט, שלעכט געקליידעט אין עלענדע שמאַטעס, וועלכע צייגען שוין אָן פֿון דער ווייטען, דאָס ער בעלאַנגט צו דער גרויסער אַרמעע פֿון די בעזיצלאָזע, שמוציג און אונריין, ווייל ער האָט ניט די נויטיגע צייט און דאָס נויטיגע געלד צו פֿלעגען זיין קערפּער, אַזוי לעבט ער אין די פֿינסטערסטע און עלענדסטע ווינקלען פֿון די גרויסע שטעט. ניט נאָר וואָס ער האָט ניט קיין אַנטהייל אויף די בעסערע נאַהרונגס־מיטלען, זאָגאַר ליכט און לופֿט, וועלכע עקזיסטירען דאָך אין איבערפֿלוס פֿאַר אַלע לעבעדיגע בעשעפֿניסע, אויך דאָס גיט מען איהם ניט אַזוי פֿיל ווי ער דאַרף. זיין אונגענוגענדע נאַהרונג און זיין שווערע אַרבייט רויבען פֿון איהם אַוועק זיינע לעצטע קרעפֿטען, זיינע קינדער ווערען געבאָרען מיט די אויסצעהרונג און ער אַליין איז פֿעראורטהיילט צו אַ פֿריהצייטיגען טויט און פֿיל מאָל צו לאַנגע קראַנקהייטען. זיין אונגעזונטע וואוינונג איז אַן ענטוויקלונגס־אָרט פֿאַר די שווינדזוכט, ווי אַ פֿערלאָרענער פּאָסטען שטעהט ער דאָ, אין דער מאָדערנער קולטור און פֿון אַלע קראַנקהייטען האָט ער צום ערשטען און אַם מעהרסטען צו ליידען.

זיין לאַגע איז ערגער ווי די לאַגע פֿון דעם שקלאַף אין אַלטערטהום. ער איז פּונקט אַזוי געדריקט, פּונקט אַזוי אַבהייגיג ווי יענער פֿון זיין העהר, אָבער זיין מאַטעריעלע פֿערזאָרגונג איז פֿיל שלעכטער, דען ער האָט אפֿילו קיין ריכטיגע שטאַל זיך אַוועקצולייגען און ניט גענוגענד פֿוטער זיך זאַט צו עסען. אָבער דאָס בעוואוסטזיין פֿון זיין מענשליכע ווירדע, דאָס בעוואוסטזיין פֿון זיינע נאַטירליכע רעכטע איז ביי איהם שטאַרקער ענטוויקעלט, ווי ביי זיינע ליידענסגענאָסען אין די אַלטע צייטען און דערפֿאַר זיינען זיינע ליידען פֿיל גרעסער.

ער איז זאָגאַר עלענדער ווי דער ווילדער אין די אורוועלדער פֿון זיד אַמעריקאַ אָדער אין די סטעפּען פֿון אויסטראַליען. פּונקט ווי יענער לעבע ער שטענדיג פֿון האַנד אין מויל און ווען ער פֿערזאַמט אייניגע אַרבייטס־שטונדען, דאַרף ער הונגערען דערפֿאַר. אָבער ער האָט ניט

דאָס געפיהל פון זיין פערזענליכע פרייהייט, ווי דער ווילדער, ער האָט ניט דעם גרויסען גענוס פון דער פולער גייסטיגער און קערפערליכער ענטוויקלונג. ער מוז נאָך אַוועקגעבען אַ טהייל פון זיין אַרבייטס־ווערטה צו דער געזעלשאַפט, וועלכע גיט איהם דערפאַר קלעפ און קייטען אַלס אויסטויש. די ציוויליזאַציאָן האָט איהם פערשפּראָכען פרייהייט און וואָהלשטאַנד, אָבער איהם אַליין האָט זי ניט געהאַלטען קיין וואָרט. ער איז אויסגעשלאָסען פון דעם גענוס פון די העכסטע גיטער. די מאָדערנע היגיעניע, וועלכע מאַכט דאָס הויז פון דעם רייכען אַזוי בעקוועם און אנגענעהם, איז ביז יעצט נאָך ניט אַריינגעדרונגען אין די ווינקלען, וואו ער איז געצוואונגען צו פערברייננגען זיין לעבען. אַלע פּראָדוקטען פון די מאָדערנע וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען זיינען איהם אונבעקאַנט. די שעהנע קונסטען און די פּאָעטישע מייסטערווערקע פון זיין שפּראַכע מאַכען אויף איהם קיין איינדרוק ניט, דען ער קען זיי ניט פערשטעהן. זאָגאַר די מאַשינע, וועלכע האָט געדאַרפט זיין אַ גליק פאַר איהם, האָט זיין לאַגע געמאַכט ערגער אַנשטאָט בעסער. עס איז געוויס אַ גרויסע טהאַט צום גליק פון דער מענשהייט, וואָס דער מענש האָט געפונען מיטלען איבער צו טראָגען אַלע שווערע און רויע אַרבייטען אויף די נאַטורקרעפטען, דען די הויכע און ערהאַבענע בעדייטונג פון דעם מענשען בעשטעהט ניט אין זיין מוסקולאַטור, זאָנדערען אין זיין געהירען. וואָס אַנבעלאַנגט פיזישע קראַפט, שטעהט ער אונטער דעם פערד און עזעל און ווען מע פאָדערט פון איהם אויסשליסליך מעכאַנישע אַרבייט, ערנידריגט מען איהם און שטעלט איהם טיפער ווי אַ געוועהנליכע בהמה.

די מאַשין איז ביז יעצט נאָך ניט געוואָרען די ערלייזערין און בעפרייערין פון דעם אַרבייטער, אין געגענטהייל, זי האָט איהם געמאַכט צו איהר אייגענעם שקלאַף, דען זיין בעזיצלאָזיגקייט און די אונמעגליכקייט צו געווינען די פראָדוקטען פאַר זיינע בעדירפניסע דירעקט פון דער נאַטור, צווינגט איהם צו פערקויפען די קראַפט פון זיינע הענד, אָבצושוואַכען זיין אָרגאַניזמוס און צו ווערען אַ קאָנקורענט פון דער מאַשין. די זאָגענאַנטע סאָלידאַריטעט פון דער מענשהייט עקזיסטירט פאַר איהם נאָר אויף אַזוי פיל, אַז מע לייגט אויף איהם אַרויף טויזענדער פליכטען און גיט איהם כמעט קיינע רעכטע.

ווען ער געפינט ניט קיין קויפער פאַר זיין אַרבייטסקראַפט אָדער ווען ער איז קראַנק און אָבגעשוואַכט פון די יאָהרען, אַז ער קען מעהר ניט אַרבייטען, הויבט די געזעלשאַפט אָן צו זאָרגען פאַר איהם, ד.ה. זי גיט איהם אַ נדבה, ווען ער בעטעלט, זי נעהמט איהם אַריין אין אַ האָספּיטאַל ווען ער איז שוין האַלב טויט און מאַנכעסמאָל, ווען זיין עלטער ערלויבט איהם שוין מעהר ניט קיין פּראָדוקטיווע טהעטיגקייט, שטעקט זי איהם אַריין אין אַ וואָרקהויז. אָבער זי ערפילט איהרע פליכטען שטענדיג מיט אַ זויערע מינע; זי גיט די אָרעמע מעהר בעליידיגונגען אַלס ברויט און

ווערענד זי שטילט זייער הונגער מיט אַ פֿערדריסליכע מינע, ערקלעהרט זי אויף דער אַנדערער זייט, דאָס עס איז די גרעסטע שאַנדע אָנצונעהמען נדבות פֿון איהרע הענד און בעהאַנדעלט די אונגליקליכע, וועלכע אַפּעלירען צו איהר מיטליידס־געפֿיהל, מיט דער גרעסטער פֿעראַכטונג.

דער פראָלעטאַריער האָט ניט די מעגליכקייט זיך צו פֿערזאָרגען פֿאַר די צייט פֿון אַרבייטסלאָזיגקייט און קראַנקהייט, אָדער פֿאַר די עלטערע יאָהרען. ער פֿערדינט קוים פֿאַר דאָס נויטווענדיגסטע צו לעבען און קען ניט זאָרגען פֿאַר שלעכטע צייטען. ער קען אויך ניט פֿאָדערען אַ גרעסערען פרייז פֿאַר זיין אַרבייט, דען די צאָהל פֿון די בעזיצלאָזע איז אַזוי גרויס — און זי ווערט נאָך גרעסער מיט יעדען טאָג — דאָס עס ווען זיך שטענדיג געפֿינען קאָנקורענטען, וועלכע זיינען צופֿרידען מיט יעדען לוין, אום ניט צו פֿערהונגערען מיט אַמאָל. דער פראָלעטאַריער איז אַבסאָלוט מאַכטלאָז געגען אַזאַ צושטאַנד. ווי פֿלייסיג ער זאָל ניט זיין, וועט עס איהם קיינמאָל ניט געלינגען מעהר צו פֿערדינען, ווי די בעפֿרידיגונג פֿון זיינע נויטווענדיגסטע בעדירפֿניסע ערפֿאָדערט. אין געגענטהייל — וואָס מעהר דער פראָלעטאַריער אַרבייטעט, אַלס ערגער ווערט זיין מאַטעריעלע לאַגע. דיזע בעהויפּטונג קלינגט זעהר אונוואַהר־שיינליך, אָבער זי איז דאָך אַבסאָלוט ריכטיג. ווען דער פראָלעטאַריער פראָדוצירט מעהר, ווערען זיינע פראָדוקטען ביליגער פֿערקויפֿט, אָבער זיין לוין בלייבט דערזעלבער, פֿילע מאָל ווערט ער זאָגאַר קלענער. אַזוי פֿערערגערט ער דורך זיינע אַנשטריינגונגען די בעדינגונגען אויף דעם אַרבייטס־מאַרק און פֿערקלענערט דעם ווערטה פֿון זיין אַרבייטס־קראַפֿט. דיזע ערשיינונג וואָלט זיך קיינמאָל ניט געקענט מאַניפֿעסטירען, ווען די פראָדוקציאָן פֿון דער גרויס־אינדוסטרי וואָלט בעשטימט געוואָרען דורך דעם פֿערלאַנג, דעם בעדירפֿניס פֿון די קאָנסומענטען. אין דיזען פֿאַל וואָלטען מיר ניט געוואוסט פֿון קיין „איבערפראָדוקציאָן", דער פרייז פֿון די פראָדוקטען וואָלט ניט פֿערקלענערט געוואָרען דורך זייער גרויסע צאָהל און דער אַרבייטער וואָלט געקראָגען אַ בעסערען לוין פֿאַר זיין אַרבייט.

דער קאַפּיטאַליזמוס האָט אָבער פֿערפֿעלשט דיזעס נאַטירליכע שפּיל פֿון די ווירטשאַפֿטליכע קרעפֿטען. אַ קאַפּיטאַליסט גרינדעט היינט אַ פֿאַבריק און פראָדוצירט געוויסע וואַרען, ניט דערפֿאַר ווייל עס איז פֿערהאַנדען אַ בעדירפֿניס פֿאַר דיזע פראָדוקטען, זאָנדערען נאָר דערפֿאַר, ווייל ער בעזיצט אַ קאַפּיטאַל, מיט וועלכען ער וויל פֿערדינען הויכע פראָצענטען. אַזוי פֿערנעהמען פערזענליכע קאַפּריזען און אונוויסענהייט דעם פּלאַץ פֿון די נאַטירליכע ווירטהשאַפֿטליכע געזעצע, און דער מאַרק ווערט איבערפֿלייצט מיט אַ גוואַלדיגע מאַסע פראָדוקטען, פֿאַר וועלכע עס איז ניטאָ קיין בעדירפֿניס. און וואַרום? ווייל אַן איינצעלנער אינדיווי־דואום האָט געוואָלט געווינען מיליאָנען, אָבער זיינע ספּעקולאַציאָנען

זיינען געווען פאַלשע. די פאָלגען פון דיזע פאַלשע ספּעקולאַציאָנען מוזען זיך נאַטירליך באַלד אַרויסצייגען. דער קאַפּיטאַליסט פערקלענערט די פּרייזען פון די פּראָדוקטען אַזוי פיל, דאָס זיי ברייננגען איהם שוין מעהר קיין פּראָפּיט; ער געהט צו גרונדע און די פאַבריקאַנטען פון אַ גאַנצען אינדוסטרי צווייג האָבען שווער צו ליידען פון דיזעלבע אורזאַכען; אַזוי ענטשטעהט אַ קריזיס, מאַנכעסמאָל אין איין לאַנד און זעהר אָפט אין אַלע לענדער.

דאָס אייגענטליכע אָפּפער פון אַזאַ קריזיס איז אָבער דער פּראָלעטאַריער, דען שוין לאַנג בעפאָר דער פאַבריקאַנט פערלירט זיין קאַפּיטאַל, פערקלענערט ער שטענדיג דעם לוין פון זיינע אַרבייטער און פאָדערט פון זיי אימער גרעסערע קוואָנטיטעטען פּראָדוקטען. די ענדע פון דיזען אונגלייכמעסיגען קאַמף צווישען „אָנבאָט און נאָכפראַגע" איז געוועהנליך, אַז דער אַרבייטער איז געצוואונגען אַרומצוגעהן אַ קירצערע אָדער לייגערע צייט אָהנע בעשעפטיגונג און פאָלגליך אָהנע ברויט.

דאָס איז די ראָלע פון דעם פּראָלעטאַריער און דעם פאַבריקאַנט אין דער מאָדערנער גרויסאינדוסטרי. דער אַרבייטער שאַפט אונגעהייערע רייכטהימער פאַר דעם קאַפּיטאַליסט. דער קאַפּיטאַליסט פערשווענדעט זיין געלד פאַר די איינריכטונג פון נייע פאַבריקען. אַזוי ענטשטעהט אַ זאָגענאַנטע איבערפּראָדוקציאָן און אַ געפעהרליכע קאָנקורענץ. די פאָלגע פון דעם איז אַ פערקלענערונג פון די פּרייזען און אַ פערקלענערונג פון דעם אַרבייטס-לוין. צו לעצט ענטשטעהט אַ קריזיס און דער אַרבייטער פערלירט אין גאַנצען זיין ברויט. אַזוי מאַכט דער אינדוסטרי-שקלאַף זיין הערר אימער רייכער, אַלס דאַנק דערפאַר ווערט זיין לעבען אימער שווערער און צולעצט נעהמט מען אַוועק פון איהם דעם לעצטען ביסען ברויט. גיט עס אַ שעהנערע אילוסטראַציאָן פאַר די גערעכטיגקייט פון אונזערע געגענווערטיגע עקאָנאָמישע צושטענדע?



## די איינזייטיגקייט דער עקאנאמישער ענטוויקלונג.

—)::(—

בעטראכטענדיג דיזעס בילד פון אונזער עקאָנאָמישען לעבען, שטעלט זיך אונז די ערשטע פראַגע: דאַרף די עקאָנאָמישע לאַגע אַזוי זיין, ווי זי איז יעצט? שטעהען מיר דאָ פאַר די אונפערמיידליכע קאָנזעקווענצען פון אַ נאַטורגעזעץ אָדער פאַר די פאָלגען פון מענשליכער דומהייט און אונוויסענהייט? וואַרום קען אַ קליינע מינאָריטעט געניסען אַלע רייכטהימער פון דער מענשליכער פּראָדוקציאָן, ניט אַריינ-לייגענדיג קיין פינגער אין קאַלטע וואַסער? און ווי אַזוי קומט עס, דאָס

אונצעהלבארע מיליאָנען, וועלכע שאַפֿען אַלע דיזע רייכטהימער, זיינען פֿערורטהיילט צו הונגער און נויט?

דיזע פֿראַגען פֿיהרען אונז צום ריכטיגען פונקט פֿון דעם פּראָבלעם, וועלכען מיר האָבען צו לייזען. מיר מוזען פֿערזוכען אויסצוגעפֿינען, אויב די אָרעמע ליידען, דערפֿאַר וויל עס גיט ניט גענוג לעבענסמיטלען פֿאַר זיי אָדער די לעבענסמיטלען זיינען פֿערהאַנדען, נאָר זיי קענען ניט צוקומען צו זיי. די לעצטע פֿראַגע קענען מיר אין גאַנצען איגנאָרירען, דען אויב עס וואָלטען געווען גענוג גוטע און געזונטע לעבענסמיטלען און דער אָרעמער וואָלט ניט געקענט צוקומען צו זיי, וואָלט זיין טהייל דאָך איבערגעבליבען און ניט פֿערברויכט געוואָרען. די ערפֿאַהרונג צייגט אונז אָבער דאָס געגענטהייל. מיר זעהען, דאָס אין יעדען יאָהר פֿערברויכט מען די גאַנצע פֿרוכט און אַלע אַנדערע נאַהרונגסמיטלען, וועלכע זיינען פּראָדוצירט געוואָרען אין פֿערגאַנגענעם יאָהר. געוועהנליך איז די פֿרוכט פֿון׳ם פֿערגאַנגענעם יאָהר שוין כמעט אין גאַנצען אויפֿגעגעסען געוואָרען, נאָך איידער די שניט־צייט פֿון דעם נייעם יאָהר האָט זיך אָנגעפֿאַנגען און אַ גרויסע טהייל פֿון דער מענשהייט האַלט אין איין הונגערען. מע האָט ביז יעצט נאָך קיין מאָל ניט געהערט, אַז מע זאָל איבערלאָזען פֿרוכט פֿאַר די ווערים, וויל מען האָט דערפֿאַר קיין בעדירפֿנים און פֿלייש איז נאָך קיין מאָל ניט פֿערפֿוילט געוואָרען, וויל עס איז געווען אַ מאַנגעל אין קויפֿער.

עס איז וואַהר, אַז די רייכע פֿערשווענדען מעהר פּראָדוקטען, ווי זיי דאַרפֿען פֿאַר די ערהאַלטונג פֿון זייער אָרגאַניזמוס, אָבער פֿון דיזע פּראָדוקטען שפּילען די לעבענסמיטלען די קלענסטע ראָלע. אַ מיליאָנער פֿערשווענדעט מענשליכע אַרבייטסקראַפֿט, אום צו בעפֿרידיגען זיינע קאַפּריזען און זיין לעבערליכע איינבילדונגס־קראַפֿט; ער לאָזט זיך בויען גרויסע הייזער און פֿילט זיי אָן מיט איבערפֿליסיגע מעבעל און אַנדערע זאַכען. ער רויבט אַוועק מענשען פֿון די ניצליכע פּראָדוקציאָן און מאַכט פֿון זיי לאָקייען, דינער און אַנדערע לײדיגגעהער, אָבער וויפֿיל ער זאָל ניט פֿערשווענדען, נאַהרונגסמיטעל קען ער העכסטענס פֿיער מאָל אַזוי פֿיל אויסברויינגען ווי ער דאַרף, אום צו בעפֿרידיגען זיינע אָרגאַנישע בעדירפֿניסע. לאָמיר אָננעהמען, דאָס עס געפֿינען זיך איין מיליאָן אַזעלכע פֿערשווענדער אין איירראָפּאַ; צוזאַמען מיט זייערע פֿאַמיליען וואָלטען עס געווען 5 מיליאָן מענשען, וועלכע וואָלטען אויסגעבראַכט לעבענסמיטלען פֿאַר 20 מיליאָן; ד.ה. אויסער זייער אייגענעם בעדאַרף, נעהמען זיי נאָך צו דעם אַנטהייל פֿון אַנדערע 15 מיליאָן מענשען, וועלכע האָבען גאָרנישט אָדער פֿון 30 מיליאָן, וועלכע קריגען נאָר אַ העלפֿט פֿון וויפֿיל זיי דאַרפֿען צו עסען. די צאָהל פֿון די אָרעמע אין איירראָפּאַ, וועלכע האָבען ניט גענוג צו עסען, איז אָבער ווייניגסטענס צוויי מאָל אַזוי גרויס, עס גיט זיכער 60 מיליאָן שטענדיגע הונגערליידער אין איירראָפּאַ, פֿאָלגליך מוזען

מיר קומען צום שלוס, אַז די ערד גיט ניט גענוג לעבענסמיטלען פאַר אַלעמען און אַ טהייל פון דער מענשהייט איז פערדאַמט צו אַ פיזיאָלאָגישען עלענד.

וואָס איז די אורזאַכע פון דיזער ערשיינונג? איז עס אַ נויטווענדיגע פאָלגע פון די נאַטירליכע אומשטענדען? גיט די ערד ניט מעהר לעבענס־מיטלען, דערפאַר ווייל זי האָט ניט די קראַפט מעהר צו פּראָדוצירען? ניין! די ערד גיט. אונז ניט מעהר נאַהרונג, ווייל מיר פאָדערען ניט מעהר פון איהר.

ווען די קאַפּיטאַליסטישע מאָראַל האָט זיך גערדאַפּט בעשעפטיגען מיט דיזען פּראָבלעם, האָט זי באַלד געפונען אַן ענטפער. דער פרומער מאַלטהוס האָט איינפאַך ערקלעהרט: „די צאָהל פון די מענשען איז צו גרויס, אום די ערד זאָל זיי קענען ערנעהרען, פאָלגליך דאַרף מען איהר איינפאַך פערקלענערען.” און ער האָט געפּרעדיגט, אַז די אָרעמע זאָלען זיך ענטזאַגען פון געשלעכטליכען פערקעהר. אַ וואונדער, וואָס ער האָט ניט פאָרגעשלאָגען, אַז יעדער אינדיווידואום, וועלכער ווערט געבאָרען אָהן פערמעגען, זאָל איינפאַך קאַסטרירט ווערען, אום די מענשהייט זאָל זיך קענען איינריכטען נאָך דעם אידעאַלען מוסטער פון די ביהנען און מוראַשקעס, וואו נאָר איינינגע ווייניגע אינדיווידוען בעזיצען דאָס פּריווי־לעגיום דער פאָרטפּלאַנצונגס־קראַפט. די גרויסע מאַסע איז אין דיזע ביידע געזעלשאַפטען פון אינזעקטען איבערהויפּט אָהן אַ געשלעכט און האָט די פליכט אָדער דאָס רעכט צו אַרבייטען פאַר די פאַלקאָמענע אינדיווידוען. אַזאַ מין געזעלשאַפטס־אָרדנונג וואָלט זיכער געווען נאָך דעם געשמאַק פון אונזערע מיליאָנערען.

דאָס מען קען דעם זאַץ פון מאַלטהוס איינפאַך איבערקעהרען און זאָגען: די צאָהל פון די לעבענסמיטלען איז צו קליין, אום צו ערנעהרען אַלע מענשען, פאָלגליך מוז מען זיי פערמעהרען!” דיזער געדאַנק איז דעם פרומען מאַלטהוס און זיינע אַנהייננגער גאָר ניט איינגעפאַלען. און דאָך איז דיזע לייזונג די איינפאַכסטע. אָדער זאָלען זיך ווירקליך געפינען מענשען מיט אַ געזונדען פערשטאַנד, וועלכע האָבען דעם מוטה צו בע־הויפּטען, אַז די פּראָדוקציאָן פון נאַהרונגס־מיטלען קען ניט פערגרעסערט ווערען אויף דער ערד? אַזעלכע פאַנטאַזיאָרען וואָלט מען באַלד געקענט ענטפערען מיט צאַהלען.

איירָאָפּאַ ערנעהרט אויף 9.710.340 קוואַדראַט־קילאָמעטער 316 מיליאָן מענשען, ד.ה. זי ערנעהרט זיי זעהר אונפאָלקאָמען און מאַנגעלהאַפט, דען זי בעציהט פון אינדיען, זיד־אַפריקאַ, אַלזשיר, נאָרד־אַמעריקאַ און אויסטראַליען גרויסע מאַסען פון פרוכט און פלייש. זי אַליין עקספּאָרטירט קיינע לעבענס־מיטלען אויסער וויין, און טראָצדעם לעבט אַ גרויסער טהייל פון דער איירָאָפּעאישער בעפעלקערונג אין שטענדיגען הונגער. עס זעהט אַלזאָ אויס, דאָס איירָאָפּאַ וואָלט ניט אימשטאַנדע געווען צו

ערנעהרען 32 מענשען אויף אַ קוואַדראַט־קילאָמעטער. מיר זעהען אָבער, דאָס צ.ב.ש. בעלגיען, אַ לאַנד מיט 29.455 קוואַדראַט־קילאָמעטער ערד, ערנעהרט 5.536.000 איינוואָהנער, ד.ה. אויף יעדען קוואַטראַט־קילאָמעטער קומען 200 מענשען, מעהר ווי זעקס מאָל אַזוי פיל ווי די דורכשניטס־צאָהל אין אייראָפּאַ. ווען די ערד אין גאַנץ אייראָפּאַ וואָלט אַלזאָ אַזוי גוט בעאַרבייט געוואָרען ווי אין בעלגיען, וואָלט זי אימשטאַנדע געווען צו ערנעהרען 1950 מיליאָן מענשען, אָנשטאָט 316 מיליאָן. אַזוי פיל מענשען גיט עס אָבער ניט אויף דער גאַנצער ערד. אייראָפּאַ האָט אָבער ווי געזאָגט נאָר 316 מיליאָן מענשען, און ווען די ערד וואָלט ווירקליך און פלאַנמעסיג אויסגענוצט געוואָרען, וואָלט פאַר יעדען איינוואוינער זעקס מאָל אַזוי פיל לעבענסמיטלען געווען, ווי זיינע בעדירפניסע וואָלטען ערפאָדערט. דיזע רעכנונג בעווייזט אונז קלאָהר און דייטליך, אַז מיר האַלטען אין דער ווירקליכקייט נאָך לאַנג ניט אַזוי שמאָל, ווי אַנדערע ווילען אונז איינרעדען.

עס איז וואַהר, מען קען מיר ענטפערען, אַז בעלגיען איז אויך ניט אימשטאַנדע אַליין צו ערנעהרען איהע איינוואָהנער און מוז דערפאַר בעציהען לעבענס־מיטלען פון אַנדערע לענדער. זעהרר גוט! בעלגיען בעציהט איין פירטעל פון איהרע לעבענס־מיטלען פון אויסווערטס, אָבער זי איז טראָץ דעם אימשטאַנדע צו ערנעהרען 150 מענשען פער קוואַדראַט קילאָמעטער. אייראָפּאַ וואָלט אַלזאָ געקענט שאַפען לעבענס־מיטלען פאַר 1458 מיליאָן מענשען, ד.ה. אימער נאָך מעהר, ווי עס לעבען איבער־הויפט מענשען אויף דער גאַנצער ערד. לאָמיר נעהמען אַן אַנדער ביישפיל. כינאַ (אָהנע די נעבען־לענדער, וועלכע שטעהען אונטער דעם שוץ פון דער כינעזישער רעגירונג) האָט 4.024.890 קוואַדראַט־קילאָמעטער לאַנד מיט 405 מיליאָן מענשען. יעדער קוואַדראַט-קילאָמעטער לאַנד ערנעהרט אַלזאָ 100 מענשען. און כינאַ בעציהט ניט קיין לעבענס־מיטלען פון אויסלאַנד, אין געגענטהייל, זי פערקויפט יעדעס יאָהר אַ גרויסע מאַסע רייז, טהע, איינגעמאַכטס א.ז.וו. צו די אויסלענדער. און טראָץ דעם פער־זיכערען אונז אַלע געלעהרטע, וועלכע האָבען געררייזט אין כינאַ, דאָס הונגער און עלענד מאַניפעסטירען זיך נאָר דאַן, ווען עס מאַכט זיך אין דעם „הימלישען רייך" אַ שלעכטער יאָהר; און זאָגאַר אין דיזען פאַל זיינען די שלעכטע פערבינדונגען צווישען די איינצעלנע פראָווינצען די הויפט־אורזאַכע פון אַ הונגער־צושטאַנד. ווען די ערד פון אייראָפּאַ וואָלט נאָר אויף אַזוי פיל קולטיווירט געווען ווי אין כינאַ, וואָלט זי בעקוועם געקענט ערנעהרען 1000 מיליאָן מענשען אַנשטאָט 316 מיליאָן, וועלכע געפינען זיך אין אַזעלכע שלעכטע צושטענדע, דאָס מיליאָנען פון זיי וואַנדערען אויס נאָך אַנדערע וועלטטהיילען.

וואַרום פאָדערט מען פון דער ערד ניט מעהר פראָדוקטען, טראָץ דעם וואָס די ערפאַהרונג צייגט אונז יעדען טאָג, דאָס זי איז אימשטאַנדע מעהר

צו געבען? ווארום פערזוכט מען ניט צו פּראָדוצירען אַזוי פיל נאַהרונגס־מיטלען, אום אַלע מענשען זאָלען קענען לעבען אין איבערפלוס? דער ענטפער איז זעהר איינפאַך: דערפאַר ווייל דער קאַפּיטאַליזמוס האָט אונז געפיהרט צו אַן אונ־נאַטירליכער און איינזייטיגער ענטוויקלונג פון אונזער קולטור. די גאַנצע ציוויליזאַציאָן קאָנצענטרירט זיך היינט צו טאָג אויס־שליסליך אויף דער אינדוסטרי און דעם האַנדעל און רויבט אַוועק אַלע קרעפטען פון דער פּראָדוקציאָן פון לעבענס־מיטלען.

דער פהיזיאָקראַטיזמוס, וועלכער לערענט אונז, אַז דער איינציגער ווירקליכער רייכטהום פון אַ לאַנד איז דער רייכטהום פון זיין אַגריקולטור, דער איבערפלוס פון זיינע לעבענס־מיטלען, האָט היינט פערלאָרען זיין גאַנצען איינפלוס. זייט די לעצטע הונדערט יאָהר קוקט די גאַנצע אָפיציעלע נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע וויסענשאַפט, וועלכע האָט זיך ערנידריגט צום געהאָרכזאַמען דינער פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפטס־אָרדנונג, אויף דיזע לעהרע ווי אויף אַ נאַאיווען אירטהום און לאַכט זיך אויס פון איהרע אַנשויאונגען.

אַזוי ווי דער זוהן פון די פעלדער פערלאָזט די פרייע נאַטור, דעם איבערפלוס פון ליכט און לופט, געטריבען פון אַ מין זעלבסטמערדערישען אינסטינקט, אום זיך אַריינצולאָזען אין די טויטליכע געפענגניסע פון די פאַבריקען און די פערשטיקטע ווינקלען פון די גרויסע שטעט, אַזוי רייסט זיך אָב די גאַנצע קולטור־מענשהייט אין אַלגעמיין פון דעם פרוכטבאַרען אַקער, אום צו דערשטיקען און צו שטאַרבען פון הונגער אין די ענגע שטייגען פון דער גרויס־אינדוסטרי. די גאַנצע ערפינדונגס־קראַפט פון דער מענשהייט, אַלע איהרע פאָרשונגען, איהר גאַנצע ענערגי, אַלעס קאָנצענטרירט זיך אויסשליסליך אויף די אינדוסטרי. מיר זעהען די פאָלגען פון דיזער איינזייטיגער ענטוויקלונג: אימער קאָמפּליצירטערע מאַשינען, אימער פאָלקאָמענערע אַרבייטס־מעטהאָדען, אימער גרעסערע רייכטהימער. פון הונדערט ערפינדער בעשעפטיגט זיך אפשר קיין איינציגער מיט דער פּראָדוקציאָן פון נאַהרונגס־מיטלען. ווען מיר וואָלטען נאָר אַוועק־געלעגט אַ העלפט פון דער ענערגי, וואָס ווערט פערווענדעט אויף די פערבעסערונג פון דער אינדוסטרי, פאַר די פּראָדוקציאָן פון נאַהרונגס־מיטלען, וואָלטען מיר זיכער ניט געוואוסט פון קיין פיזיאָלאָגישען עלענד אויף דער ערד. אָבער גראַדע דיזער וויכטיגער צווייג פון דער מענשליכער טהעטיגקייט איז אויף אַזוי פיל פערנאַכלעסיגט געוואָרען, דאָס עס איז כמעט אונמעגליך זיך פאָרצושטעלען. מיר זיינען הויך־ציוויליזירטע בעשע־פעניסע אויף דעם געביט פון דער אינדוסטרי, אָבער וואָס אָנבעלאַנגט די באָדען־קולטור, דעם אַקערבוי זיינען מיר שוואַרצע, פינסטערע באַרבאַרען. מיר שטאָלצירען מיט רעכט מיט אונזער שאַרפזיניגקייט אין דער פּראָדוקציאָן פון געוויסע געגענשטענדע, פאַר וועלכע מיר פערווענדען אַלע ברעקלעך, וואָס האָבען שיינבאַר גאָר קיין ווערטה ניט, אָבער אין

דערזעלבער צייט פֿערשווענדען מיר וועניגסטענס אַ העלפֿט פֿון אַלע שפּייזע רעסטען אָהן אַ נוצען; מיר לאָזען דעם אינהאַלט פֿון די קאַנאַלען אַריינלויפֿען אין די טייכען אָדער אין ים, וועלכער גיט אונז ניט צוריק דעם טויזענדסטען טהייל פֿון דעם, וואָס ער בעקומט פֿון אונז.

עס איז הימעלשרייענד צו זעהען, ווי מיר וואַרפֿען אַרויס מיליאָנען טאָנען פֿון אַלערליי שטאָפֿען, וואָס וואָלטען געקענט פֿרוכטבאַר מאַכען די ערד און אין דערזעלבער צייט ווירקט עס קאָמיש, זעהענדיג, ווי פֿאָרזיכטיג מען איז מיט יעדען טראָפּען שוועבעל־זויערע אין דער פֿאַבריקאַציאָן פֿון כעמישע פּראָדוקטען, אָדער בעמערקענדיג, וויפֿיל צייט און געדולד אַן ערפֿינדער לעגט אַוועק, אום אויסצוגעפֿינען אַ נייען מיטעל, ווי צו פֿערווערטהען די שמוציגסטע רעסטען פֿון די פֿאַבריקען. מיר בעריהמען זיך, אַז מיר האָבען אונטעריאָכט די נאַטור־קרעפֿטען און דאָך אַרט אונז גאַנץ ווייניג, אַז עס גיט נאָך מיליאָנען קוואַדראַט־קילאָמעטער ערד, וואָס איז נאָך ניט קולטיווירט; טראָץ דעם, וואָס די ערפֿאַהרונג האָט אונז געצייגט, דאָס עס גיט איבערהויפּט ניט קיין שטיק לאַנד, וועלכעס מען זאָל ניט קענען קולטיווירען, אפילו ווען די ערד זאָל בעשטעהען פֿון אייזערנע צוועקעס אָדער שטיקלעך פֿעלזענשטיינער. איבעראַל, וואו עס איז נאָר מעגליך צו שאַפֿען וואַסער און וואַרעמקייט, קען מען פֿערוואַנדלען וויסטע לאַנד אין פֿרוכטבאַרע פֿעלדער.

מיר שטאָלצירען מיט געוויסע קוילען־אָדער קופּער־מינען, וועלכע געהען אַרונטער עטליכע טויזענד פֿוס אין דער ערד אָדער אונטערען ים, און דערזעלבער מענש, וועלכער האָט אויסגעגראָבען דיזע געוואַלדיגע מינען, דערזעלבער מענש שעהמט זיך ניט צו זאָגען, אַז די טויזענדער נאַקעטע און אונפֿרוכטבאַרע פֿעלזען, וועלכע געפֿינען זיך איבעראַל, קענען ניט בענוצט ווערען פֿאַר ערגעץ אַ ניצליכע זאַך.

מיר בעהערשען דעם בליץ פֿון די הימלען און דאָך ווייסען מיר ניט ווי זיך צו בענוצען מיט דעם אונענדליכען רייכטהום אין נאַהרונגס־מיטלען פֿון די ימים, וועלכע בעדעקען דריי פֿירטעל פֿון אונזער ערד, און פֿון וועלכע מיר פֿערווענדען קוים עטליכע אַטאָמען. ווי אַזוי איז מעגליך, דאָס אין אונזער צייט פֿון וואונדערבאַרע מאַשינען און מעכאַנישע אַרבייטס־אינסטרומענטען זאָלען זיך נאָך געפֿינען אין אייראָפּאַ גרויסע זומפּען, טייכען אָהנע פֿיש, און גרויסע שטרעקען אונקולטיווירטע לאַנד? ווי אַזוי קומט עס, אַז מיר זיינען אַזעלכע שלעכטע מאַטעמאַטיקער, אום ניט צו בעגרייפֿען דאָס עס איז ניצליכער און פּראַקטישער צו פֿערווענדען די געוואַלדיגע רייכטהימער און נאַהרונגס־מיטלען פֿון די טייכען און ימים, וועלכע גיבען אונז אין דער געשטאַלט פֿון פֿיש און אַנדערע טהירען נענוג אייוויים־שטאָפֿען פֿאַר די מענשליכע ערנעהרונג, אַנשטאַט צו האַלטען גרויסע סטאַדעס בהמות צו דיזען צוועק, וועלכע פֿערנעהמען אַ גרויסען טהייל פֿרוכטבאַרע ערד פֿאַר זייער ערנעהרונג?

איך וויל יעצט ניט ווייטער איינגעהען אויף די איינצעלהייטען, דען איך גלויב, אַז איך האָב געבראַכט גענוג אַרגומענטען, אום צו בעווייזען, אַז דער אַקערבוי, די אַגריקולטור איז דאָס שטיפקינד פון אונזער מאָדערנער קולטור. ווען די אינדוסטרי געהט פאָרווערטס מיט הונדערט טריט, מאַכט דער אַקערבוי קוים איין טריט פאָרווערטס. אַלעס וואָס מען האָט זייט די לעצטע עטליכע יאַהרהונדערט אויסגעפונען, אום די מענשען רייכליך צו ערנעהרען, איז די איינפיהרונג פון קאַרטאָפלען אין אייראָפּאַ, וועלכע געבען דעם פּראָלעטאַריער די מעגליכקייט, ער זאָל זיך איינבילדען, אַז ער האָט זיך גוט אָנגעגעסען, אין דערזעלבער צייט ווען זיין קערפּער שטאַרבט לאַנגזאַם אָב, ווייל ער בעקומט ניט גענוג ווירקליכע נאַהרונגס־שטאָפען, קאַרטאָפלען, וועלכע געבען דעם קאַפּיטאַליסט די געלעגענהייט אַראָבצודריקען דעם לוין פון זיינע אינדוסטרי־שקלאַפען אויף די קלענסטע מאָס.

פרוכט־גערטנער, קרויט־פעלדער, שוואַם־קעלערס א.ז.וו. בעווייזען אונז, וואָס פאַר אַ מאַסע פון לעבענסמיטלען עס קען אונז בריינגען די קלענסטע שטיקעל לאַנד. די ערפאַהרונג צייגט אונז יעדען טאָג, אַז עס גיט איבער־הויפּט ניט קיין ביצליכערע פערוועדונג פאַר די מענשליכע אַרבייטס־קראַפט, ווי צו קולטיווירען און צו בעאַרבייטען די ערד. ווען מיר וואָלטען אָנגעווענדעט אונזערע געוואַלדיגע מעכאַנישע און וויסענשאַפטליכע מיטלען פאַר דעם אַקערבוי, וואָלט אַ קליינע שטיקעל לאַנד געווען אימשטאַנדע צו ערנעהרען אַ מענשען, מיר ווילען אָבער ניט וויסען פון דעם און פאָלגליך ווערט דער מאַנגעל אין לעבענסמיטלען אימער גרעסער, די פרייזען פאַר אונזער טעגליכע שפּייז וואַקסען פון טאָג צו טאָג און דער אינדוסטרי־אַרבייטער דאַרף אַרבייטען אימער שווערער און ביטערער, אום צו שטילען זיין הונגער.

די נאַטור צייגט דעם מענשען, דאָס ער דאַרף די ערד, ווי דער פיש די וואַסער; דער מענש זעהט, אַז ער געהט צו גרונדע, ווי באַלד ער רייסט זיך אָב פון דעם פרוכטבאַרען אַקער, ער זעהט, אַז נאָר דער בויער בלייבט געזונד און שטאַרק און פערלירט ניט די פעהיגקייט זיך פאָרטצו־פלאַנצען; אָבער די שטאָדט טריקענט אויס דעם מאַרך און די קראַפט פון איהרע איינוואָהנער, זי מאַכט זיי אונפרוכטבאַר און ווען ניט די איינוואַנדערונג פון נייע עלעמענטען אויס די דערפער, וואָלטען אַלע שטעט אים פערלויף פון אַ פערהעלטניסמעסיג קורצע צייט זיך פערוואַנדעלט אין גרויסע בית עלמנ׳ס, וואו עס וואָלט זיך ניט געפונען קיין לעבעדיגער מענש. און טראָץ דעם פערלאָזט דער מענש דעם אַקער, טראָץ דעם רייסט ער זיך אָב פון׳ם לעבען, אום זיך אַרומצוכאַפּען מיט׳ן טויט.

די פּראָפעסאָרען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמי ווילען אונז איינריידען, אַז דער גראַד פון אינדוסטריעלער ענטוויקלונג איז דער אייגענטליכער מאַסשטאַב פאַר די ציוויליזאַציאָן פון אַ לאַנד, און דאָס אַ רייך־ענטוויקעלטעס פאַבריק־סיסטעם איז דאָס גרעסטע גליק פאַר אַ נאַציאָן, ווייל

די ביליגקייט פֿון די פּראָדוקטען גיט אויך די אָרעמע אַ געלעגענהייט זיך צו בענוצען מיט זיי. דאָס איז איינער פֿון די קאַפּיטאַליסטישע ליגענס, וועלכע מען האָט איבעראַל פֿערשפּרייט. אַ פּייער זאָל נעהמען דיזע בעריהמטע ביליגקייט פֿון די פּראָדוקטען! קיינער האָט ניט קיין נוצען פֿון דעם, ווי נאָר די פֿאַבריקאַנטען און צווישען־הענדלער. מיר האָבען שוין פֿריהער ערקלערט די אורזאַכען פֿון דיזער ביליגקייט. די קאַפּיטאַ־ליסטישע קאָנקורענץ, פֿון וועלכע דער אַרבייטער האָט אַם מעהרסטען צו ליידען; די געוויסענלאָזע און פֿערברעכערישע אויסבייטונג פֿון מענשליכער אַרבייטס־קראַפֿט, דאָס זיינען די ווירקליכע אורזאַכען פֿון דער בעריהמטער ביליגקייט פֿון די פּראָדוקטען. דער אַרבייטער איז צוגעבונדען צעהן, צוועלף און אָפֿטמאָל פֿירצעהן שטונדען צו זיין מאַשינע, אום די בוימוואָל זאָל ווערען ביליגער, ווי זי איז. ער לעבט איבערהויפּט ניט מעהר, דען זיין גאַנצעס דאַזיין שפּילט זיך אָב הינטער די שמוציגע מויערען פֿון די פֿאַבריקען און מאַניפֿעסטירט זיך איינציג און אַליין אין אַן אונענדליכע סעריע פֿון אויטאָמאַטישע בעוועגונגען. דער מאָדערנער פּראָלעטאַריער איז דאָס איינציגע בעשעפֿעניס אים וויטען וועלט־רוים, וועלכע מוז פֿערברייגען אַזאַ גרויסען טהייל פֿון זיין לעבען מיט אוננאַטירליכער אַרבייט, אום צו ערהאַלטען זיין אָרגאַניזמוס.

געוויס, אויף די קאָסטען פֿון דיזער מענשען־שינדעריי ווערען די פּראָדוקטע ביליגער; אָבער אין דערזעלבער צייט ווערען זיי אויך שלעכטער. אונזער גאַנצע אינדוסטריעלע ענטוויקלונג האָט נאָר איין ציל: צו פֿער־שלעכטערען די קוואַליטעט און צו פֿערקלענערען די קוואַנטיטעט פֿון דעם אַרבייטס־מאַטעריאַל, פֿון די רוישטאָפֿען. וואַרום? ווייל די רוי־שטאָפֿען, בעזאָנדערס די, וועלכע מיר געווינען פֿון דער אָרגאַנישער נאַטור, ד.ה. אוים דער טהיער־און פֿלאַנצען־וועלט, ווייל דיזע רוישטאָפֿען זיינען פֿיל טהייערער ווי מענשליכע אַרבייטס־קראַפֿט. די ערד לאָזט זיך ניט אָבנאַרען; זי גיט אונז נאָר דאַן בוימוואָל, פֿלאַקס, האָלץ א.ז.וו. ווען מיר גיבען איהר צוריק דיזעלבע קוואַנטיטעט נאַהרונגס־שטאָפֿען, וועלכע מיר נעהמען אַרויס פֿון איהר. אפילו א בהמה אָדער אַ שעפּס קענט איהר ניט בעטריגען, דען די קוואַליטעט פֿון זייער וואָל, זייערע פֿעל אָדער זייערע הערנער ווערט בעשטימט דורך די נאַהרונג, וועלכע מיר גיבען זיי צו עסען. נאָר דער מענש איז דומער פֿון אַ בהמה, נאַרישער פֿון אַ שעפּס, וויינינגער קלוג ווי די ערד, דען ער גיט אַוועק די קראַפֿט פֿון זיינע מוסקלען און נערוועו אונטער איהר נאַטירליכען ווערטה.

דער פֿאַבריקאַנט האָט אַלזאָ אַ דירעקטע אינטערעסע איינצושפּאָרען דעם טהייערען רוישטאָף און אַריינצולעגען מעהר מענשליכע אַרבייטס־קראַפֿט אין דער פּראָדוקציאָן. דערפֿאַר פֿערפֿעלשט ער דאָס אַרבייטס־מאַטעריאַל, פֿערקלענערט די קוואַנטיטעט און גיט די פּראָדוקטען דורך קאָמפּליצירטע אַרבייטס־מעטהאָדען, ד. ה. דורך אַ וואַהנזיניגע

פֿערשװענדונג פֿון מענשליכער אַרבײטס־קראַפֿט אַ גוטען אױסזעהען. אין דעם פֿאַרטיגען שטיק שטאָף, װעלכעס דער ענגלישער פֿאַבריקאַנט ברײנגט אױף'ן מאַרק, געפֿינט זיך אַזױ װײניג װי מעגליך בױמװאָל און אַזױ פֿיל װי מעגליך מענשען־קראַפֿט. דער שטאָף איז ביליג, דערפֿאַר װײל דעם פֿאַבריקאַנט קאָסט די אַרבײטס־קראַפֿט פֿון זײנע מענשליכע שקלאַפֿען פֿיל װײניגער װי די ערד, װעלכע גיט איהם די בױמװאָל.

עס איז אָבער גאָר ניט נױטיג, אַז די פּראָדוקטען זאָלען זײן אַזױ ביליג, דען די ביליגקײט איז די אורזאַכע פֿון פֿערשװענדונג. זאָגאַר דער פּראָלעטאַריער װעקסעלט אין דער הײנטיגער קולטור פֿיל עפֿטער זײנע קלײדער און זײגע הױזגעצײג, װי עס איז אונבעדינגט נױטװענדיג. מיר װאַרפֿען אַװעק פֿילע זאַכען, װעלכע װאָלטען אונז נאָך געקענט נוצען, אײנפֿאַך דערפֿאַר, װײל זײ זײנען זעהר ביליג. אָבער טראָץ דער בעריהמטער ביליגקײט האָט דער אײראָפּעער אַם ענדע פֿון יאָהר דאָך אַזױ פֿיל אױסגעגעבען פֿאַר די פֿערשידענע געברױכס־אַרטיקלען, אַלס װען זײ װאָלטען טהײערער געװען, דען אין דיזען פֿאַל װאָלט ער זיך לענגער בענוצט מיט זײ. דאָס איז אַלזאָ דאָס פּראַקטישע רעזולטאַט פֿון דער ביליגקײט, װעלכע איז דער שטאָלץ פֿון אונזער גאַנצען עקאָנאָמישען לעבען. פֿאַר דעם קאָנסומענט איז די ביליגקײט פֿון די פּראָדוקטען קײן פֿערלײכטערונג, זי ברײנגט איהם ניט דעם קלענסטען פֿאָרטהײל, דען זי ענטװיקעלט נאָר אין איהם די טיראַנישע געװאױנהײט צו פֿערשװענדען די פּראָדוקטען פֿון דער מענשליכער אַרבײטס־קראַפֿט; פֿאַר דעם פּראָדוצירער איז די ביליגקײט אַ דירעקטער פֿלוך, דען זי פֿערקלענערט שטענדיג דעם פּרײז פֿון דער אַרבײט און צװינגט איהם צו אימער גרעסערע אַנשטרײגונגען. און װײל יעדעס אינדיװידואום, װעלכעס בעלאַנגט ניט צו דער קלײנער מינאָריטעט לײדיגעהער, איז אין דערזעלבער צײט פּראָדוצירער פֿון אײן זאָרט און קאָנסומירער פֿון אַנדערע זאָרטען פּראָדוקטען, דערפֿאַר האָט די גאַנצע בעריהמטע ענטװיקלונג פֿון דער גרױס־אינדוסטרי אַבסאָלוט קײן װערטה ניט, דען זי פֿערװאַנדעלט דאָס גאַנצע לעבען אין אַ װילדע יאַגד, װאו יעדער אײנער איז אין דערזעלבער צײט הירש און יעגער, יעדער אײנער פֿערלירט די נשמה, יאָגענדיג זיך נאָך די אַנדערע און געהט צולעצט אױס פֿון די קרעפֿטען.

לענגערע און האַרטערע אַרבײט פֿאַר דעם פּראָדוצירער און װאַהנזיניגע פֿערשװענדונג פֿון די פּראָדוקטען, דאָס איז די קאָנזעקװענץ פֿון אונזער מאָדערנע אינדוסטריעלע ענטװיקלונג, װעלכע גרינדעט זיך אױסשליסליך אױף די מאַסען־פּראָדוקציאָן און אױף די ביליגקײט פֿון די פֿערשידענע פּראָדוקטען. לאָמיר אָננעהמען פֿאַר אַ װײלע, אַז די פּרײזען פֿון די אינדוסטרי־פּראָדוקטען װאָלטען פּלוצלינג געװאָרען פֿירמאָל אַזױ הױך, װי זײ זײנען יעצט און די פּרײזען פֿון די לעבענס־מיטלען װאָלטען געבליבען דיזעלבע, װײל די ענטװיקלונג פֿון דער אַגריקולטור װאָלט געהאַלטען

גלייכע טריט מיט דער אינדוסטרי. וואָס פֿאַר אַן אונגליק וואָלט דאַן געווען? איך, פֿאַר מיין פּערזאָן, זעה ניט קיין אונגליק אין דעם, זאָנדערען אַ גרויסען פֿאָרטהייל פֿאַר אונזער גאַנצע ווייטערע ענטוויקלונג. יעדער איינער וואָלט דאַן זיינע קליידער איינמאָל אָנשטאָט פֿירמאָל אים יאָהר געוועקסעלט א.ז.וו. דער אינדוסטרי־אַרבייטער וואלט בעקומען פֿירמאָל אַזוי פֿיל לוין ווי היינט, ד. ה. אויב ער מוז היינט אַרבייטען 12 און 14 שטונדען אַ טאָג, אום צו מאַכען אַ לעבען, וואָלט ער דאַן געדאַרפֿט אַרבייטען 3 אָדער 4 שטונדען טעגליך, אום צו בעפֿרידיגען זיינע לעבענס־בעדירפֿניסע. לויט די צאָהלען נאָך וואָלט אַלעס געבליבען, ווי עס איז געווען בעפֿאָר; די אויסגאַבען פֿון די קאָנסומענטען וואָלטען געווען די־זעלבע. אָבער טראָץ דעם וואָלט דיזע נייע איינריכטונג געהאַט אַ וואונדערבאַרעס רעזולטאַט, דען דער אַרבייטער וואָלט מעהר ניט געווען קיין געוועהנליכער שקלאַף, זאָנדערען אַ פֿרייער מענש, גלייך צו אַלע אַנדערע. ער וואָלט צייט געהאַט צו דיינקען, צייט, זיך צו ענטוויקלען, אַ גאַנצע וועלט, פֿון וועלכע ער איז היינט אויסגעשלאָסען, וואָלט זיך אויפֿגעדעקט פֿאַר איהם. ער וואָלט געקענט נעהמען אַן אַנטהייל אין די העכערע פֿערגעניגענס פֿון'ם קולטור־לעבען, געקענט בעזוכען מוזעומס און טעהאַטערע, ער וואָלט אָנגעפֿאנגען צו דיינקען, פֿיהלען און פֿאַנטאַזי־רען, מיט איין וואָרט, ער וואָלט מעהר ניט געווען קיין דומע מאַשינע, זאָנדערען אַ ווירקליכער מענש, גלייך און פֿריי מיט אַלע אַנדערע מענשען.

מען מוז די אַרבייטער צורופֿען: זייט פֿאַרזיכטיג! די מאָדערנע גרויס־אינדוסטרי איז אַ געפֿעהרליכע חיה, וועלכע וועט אייך פֿערניכטען. בעפֿרייט זיך פֿון איהר, אָדער זי וועט אייך נאָך פֿערשלינגען. וואָס מעהר איהר אַרבייט היינט, אַלס ביליגער וועלען אייערע פּראָדוקטען פֿערקויפֿט ווערען, אַלס וואַהנזיניגער וועט מען פֿערשווענדען די מענשליכע אַרבייטס קראַפֿט, אַלס לענגערע שטונדען מוזט איהר אַרבייטען מאָרגען, אום צו מאַכען אַ קלעגליכען לעבען. אַרבייט אַזוי ווייניג ווי נור מעגליך! געהט אַרום לעדיג. פֿערקלענערט אייערע אַרבייטס שטונדען אויף אַ העלפֿט אָדער אַ פֿירטעל! אייער לוין וועט בלייבען דערזעלבער, אויב יעדער וועט נאָר פֿערברויכען אַזוי פֿיל ווי ער מוז און אַרבייטען אַזוי פֿיל ווי ער דאַרף, אום צו מאַכען אַ לעבען.

## הונגער און ליבע

—)::(—

די פּראָפֿעסאָרען דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמי האָבען אַן אַנדער מיינונג אין בעצוג אויף קורצע אַרבייטס־שטונדען. זיי האָבען מורא, אַז מענשען זאָלען אַרומגעהן לידיג און זייער העכסטער אידעאַל איז

אויסצונוצען די מענשליכע אַרבייטס־קראַפֿט, ווי ווייט עס איז נאָר מעגליך. זייער גאַנצע לעהרע גרינדעט זיך אויף צוויי גרונדזעצע. קויף אַזוי פֿיל ווי דו קענסט נאָר, אויב דער פֿערברויך איז גערעכטפֿערטיגט דורך ווירקליכע בעדירפֿניסע אָדער ניט; פּראָדוציר אַזוי פֿיל ווי דו קענסט, אויב מען דאַרף דיינע פּראָדוקטען אָדער ניט.

דיזע קלוגע מענער מאַכען קיין אונטערשייד ניט צווישען אַ פֿייערווערק, וואָס האָט דעם צוועק פֿערברויכט צו ווערען אין איינינגע מינוטען, אום צו בעפֿרידיגען די נייגיריגקייט פֿון אַ פּאָר דומקעפּ און ליידיגגעהער, און אַ מאַשינע, וועלכע פּראָדוצירט יאָהרען לאַנג ניצליכע מעבעל, בעטען, טישען א.ז.וו. דאָס פֿייערווערק רעפּרעזענטירט דעם ווערטה פֿון 50.000 מאַרק, ד.ה. אויסער דעם רוישטאָף רעפּרעזענטירט עס די אַרבייטס־קראַפֿט פֿון 50 אַרבייטער, וועלכע האָבען פֿערוועגדעט אַ יאָהר צייט פֿאַר דעם און ריזיקירט זייער לעבען ביי דיזע געפֿעהרליכע בעשעפֿטיגונג. די מאַשינע קאָסטעט נאָר 10.000 מאַרק. דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָם מאַכט גלייכגילטיג זיינע רעכנונגען און זאָגט: דאָס פֿייערווערק איז פּונקט פֿינף מאָל אַזוי פֿיל ווערטה ווי די מאַשינע, דען אין ביידע פֿעלע איז די אַרבייט צוועק־מעסיג פֿערוועגדעט געוואָרען. די פּראָדוקציאָן פֿון דעם פֿייערווערק האָט דעם לאַנד געבראַכט פּונקט דעמזעלבען געווין, ווי די פּראָדוקציאָן פֿון פֿינף מאַשינען; און אויב עס וואָלט נאָר מעגליך געוועזען צו בעשעפֿטיגען אַ מיליאָן אַרביטער מיט דער פּראָדוקציאָן פֿון פֿייערווערק, ווען עס וואָלט נאָר מעגליך געוועזען צו פּראָדוצירען צו פֿערקויפֿען אַ מיליאַרד פֿון דיזע פּראָדוקטען אַ יאָהר, וואָלט עס געוועזען אַ גליק פֿאַר די לאַנד און מיר וואָלטען געדאַ־פֿט גראַטולירען די אַרבייטער פֿאַר זייער פּראָדוקטיווע טהעטיגקייט אין דיזער אינטערעסאַנטער אינדוסטרי.

די פֿאָרם פֿון דיזער געראַ:קען־ספּעקולאַציאָן איז גאַנץ ריכטיג; אָבער דער אינהאַלט איז דער ערגסטער סאָפֿיזמוס, וואָס אַ מענש קען נאָר אויסטראַכטען.

געוויס, ווען מען בעקומט פֿאַר אַ ראַקעטע פּונקט אזוי פֿיל געלד ווי פֿאַר אַ הוהן, דאַן איז די ראַקעטע פּונקט אַזוי פֿיל ווערטה ווי אַ הוהן און אַ מענש, וועלבער האָט פּראָדוצירט אַ ראַקעטע, האָט פּונקט אַזוי פֿיל בייגעטראָגען צום נאַציאָנאַל־רייכטהום, ווי דער, וועלכער האָט אויפֿגעהאָדעוועט אַ הוהן. אָבער טראָץ דעם איז דאָס אַלעס ניט מעהר ווי אַ געמיינער ליגען. ניין, פֿאַר די מענשהייט בלייבט עס ניט עגאַל, צו מיר פּראָדוצירען ראַקעטען, צו מיר האָדעווען היהנער. ניין, דער פֿיהרער, וועלכער ציגט די רייכע טוריסטען דעם וועג אויף די בערג, האָט ניט דיזעלבע בעדייטונג, ווי דער הייצער פֿון אַ ניצליכער מאַשינע, אָב־וואָהל ער פֿערדינט אפשר פֿיל מעהר ווי דער לעצטער.

איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דיזער אונטערשייד איז אַ טויטעס־אורטהייל פֿאַר די גאַנצע לוקסוס־אינדוסטרי; אָבער איך לייקען עס גאָר ניט אָב.

לויט מיין מיינונג האָט קיין מענש אַ רעכט צו בעפֿרידיגען זיינע פערזענליכע קאַפּריזען, אַזוי לאַנג ווי עס גיט נאָך מענשען, וועלכע זיינען ניט אימשטאַנדע צו בעפֿרידיגען זייערע נויטווענדיגע אָרגאַנישע בעדירפֿניסע. עס איז לעכערליך און אַבסורד צו בעשעפֿטיגען אַן אַרבייטער מיט דער פּראָדוקציאָן פֿון פֿייערווערק, אַזוי לאַנג ווי עס געפֿינען זיך נאָך מענשען, וועלכע געהען אויס פֿון הונגער, דערפֿאַר ווייל עס גיט ניט גענוג אַר־בייטער צו קולטיווירען די ערד. עס איז איינפֿאַך פֿערברעכעריש, צו צווינגען אַ פֿאַבריק־אַרבייטער, ער זאָל אַרבייטען 12 און 14 שטונדען אַ טאָג, אום צו פּראָדוצירען זיידענע שטאָפֿען, ווייל אַזעלכע שטאָפֿען מאַכען אַ בעסערען איינדרוק אויף אונזער שעהנהייטס־געפֿיהל, און אין דערזעלבער צייט זאָלען מענשען ניט האָבען קיין שטיקעל אָרט, וואו אַוועקצולייגען די מידע גלידער.

די גרויסע עקאָנאָמישע אויפֿגאַבע פֿון דער מענשהייט בעשטעהט ניט אין דעם, צו פּראָדוצירען פּראָדוקטען און זיי צו פֿערקויפֿען פֿאַר אַ געוויסען פּרייז, נייז, דער מענש מוז צוערשט בעפֿרידיגען זיינע אָרגאַנישע בעדירפֿניסע מיט דער הילפֿע פֿון זיין אַרבייט.

עס גיט נאָר צוויי ווירקליכע בעדירפֿניסע: די ערנעהרונג און די פֿאָרטפֿלאַנצונג. די איינע האָט די אויפֿגאַבע צו ערהאַלטען דאָס אינדיווי־דוּאום, די אַנדערע — צו ערהאַלטען די ראַסע. שיינבאַר קוקט עס אויס, אַלס ווען דער מענש האָט אייגענטליך נאָר איין ווירקליכעס אָרגאַנישעס בעדירפֿניס, די ערנעהרונג, און דאָס די בעפֿרידיגונג פֿון דעם פֿאָרט־פֿלאַנצונגס־אינסטינקט איז ניט קיין אַבסאָלוטע נויטווענדיגקייט, אָבער נאָר שיינבאַר, דען דער פֿאָרטפֿלאַנצונגס־אינסטינקט איז אין דער ווירקליכקייט נאָך פֿיל מעכטיגער, ווי דער אינסטינקט פֿון דער אינדיווידועלער זעלבסט־ערהאַלטונג, פּונקט ווי די גאַנצע ראַסע בעזיצט מעהר קראַפֿט אַלס דער איינצעלנער אינדיווידואום.

מיר האָבען עס ביז יעצט נאָך קיינמאָל ניט ערלעבט, דאָס אַ גרעסערע צאָהל מענשען, צ.ב.ש. אַ גאַנצער פֿאָלקס־שטאַם, זאָל עקזיסטירען אַ לענגערע צייט, ניט האָבענדיג קיין געלעגענהייט צו בעפֿרידיגען זייערע געשלעכטליכע בעדירפֿניסע. ווען עס זאָל אָבער יאַ אַמאָל טרעפֿען אַזאַ פֿאַל פֿון נאַציאָנאַלען „געשלעכטס־הונגער,” דאַן וואָלטען מיר געזעהען האַנדלונגען און ליידענשאַפֿטען, געגען וועלכע די שרעקליכסטע סצענען פֿון הונגער וואָלטען ניט מעהר געווען ווי אַן איינפֿאַכע קינדער שפּילעריי.

דיזע ביידע גרויסע אָרגאַנישע בעדירפֿניסע מוז דער מענש אַלזאָ בע־פֿרידיגען, אַלעס אַנדערע האָט נאָר אַ קלענערע בעדייטונג. אַ מענש, וועלכער האָט זיך אָנגעגעסען, ליידעט ניט פֿון קעלט, האָט אַ פּלאַץ זיך צו שיצען געגען ווינד און רעגען און לעבט צוזאַמען מיט אַן אינדיווידואום פֿון דעם אַנדערען געשלעכט, קען זיך פֿיהלען גאַנץ גליקליך און צופֿרידען.

אַ מענש, וועלכער הונגערט, קען זיך ניט פֿיהלען גליקליך און צופֿרידען, אפילו איהר זאָלט איהם אָנטהאָן די טהייערסטע קליידער און איהם אַריינשטעלען אין אַ גלענצענדען פּאַלאַסט אָדער אין אַ מוזעאום פֿון'ם רוימישען וואַטיקאַן. דיזע וואַהרהייט איז אַזוי קלאָר, דאָס אפילו אַ קינד קען איהר פֿערשטעהען. עס איז די קווינטעסענץ פֿון לאַפֿאָנטיין'ס פֿאַבעל פֿון די הוהן, וועלכע האָט געפֿונען אַ פּערל און ערגערט זיך, פֿאַר וואָס ער איז ניט געווען קיין קערענדעל. און דאָך ווילען אונזערע פּראָפֿעסאָרען ניט וויסען פֿון דיזער וואַהרהייט און קיינעם פֿון זיי איז עס ביז יעצט געקומען אויף'ן געדאַנק, צו פֿערגלייכען זיין עקאָנאָמישע וויסענשאַפֿט מיט דער איינפֿאַכער וואַהרהייט פֿון לאַפֿאָנטיין'ס פֿאַבלען. ווען מיר וועלען אָנווענדען דיזע פֿאַבעל פֿון די הוהן און די פּערל אויף די מאָדערנע קולטור-מענשהייט, הייסט זי איינפֿאַך: ווייניגער בוימוואָל פֿון מאַנטשעסטער, ווייניגער מעסער פֿון שעפֿילד און מעהר ברויט און פֿלייש פֿאַר אַלעמען.

די פּראַקטישע ערפֿאַהרונג פֿון'ם לעבען וועט אונז באַלד צייגען, וואָס די טהעאָרי האָט אונז ביז יעצט נאָך ניט געצייגט, זי וועט און מוז אונז באַלד איבערצייגען, אַז די פֿונדאַמענטאַלע גרונדזעצע פֿון דער קאַפּי-טאַליסטישער נאַציאָנאַל-עקאָנאָמי, וועלכע אונזערע געלעהרטע בעטראַכטען היינט אַלס אַבסאָלוטע וואַהרהייטען, זיינען פֿאַלש און פֿערקעהרט. שוין היינט ווערט איבעראַל צו פֿיל געאַרבייט און פּראָדוצירט. כמעט יעדעס קולטור-לאַנד פֿערזוכט היינט צו פֿערקויפֿען זיינע אינדוסטריעלע פּראָ-דוקטען אין אויסלאַנד און איז געצוואונגען צו בעציהען לעבענס-מיטלען פֿון אַנדערע לענדער. מען צוברעכט זיך שוין היינט דעם קאָפּ, ווי אויסצוגעפֿינען נייע מאַרקעטס און מען קען רוהיג בעהויפּטען, דאָס די גרויס-אינדוסטרי פֿון די הויפּט-פֿעלקער אין אייראָפּאַ אַרבייטעט געגענ-ווערטיג כמעט אין גאַנצען צו פֿערזאָרגען די אינערליכע טהיילען פֿון אַפֿריקאַ און אַנדערע ווילדע און האַלב-ווילדע לענדער מיט פּראָדוקטען. און דיזער צושטאַנד פֿערערגערט זיך פֿון טאָג צו טאָג אַלס מעהר. מיט דער צייט ענטוויקעלט זיך די אינדוסטרי אויך אין אַזעלכע לענדער, וועלכע האָבען זיך ביז יעצט ניט בעשעפֿטיגט מיט דער פּראָדוקציאָן פֿון אינדוסטרי-פּראָדוקטען. די אַרבייטס-מעטהאָדען וועלען נאָך מעהר פֿערבעסערט און די מאַשינען וועלען נאָך פֿאָלקאָמענער געמאַכט ווערען. און וואָס וועט זיין דאַן? דאַן וועט יעדעס לאַנד זיין אימשטאַנדע צו בעפֿרידיגען זיינע אייגענע אינדוסטריעלע בעדירפֿניסע און וועט נאָך פּראָדוצירען אַן איבערפֿלוס אין פּראָדוקטען, אָבער עס וועט זיך ניט מעהר געפֿינען קיין אַנדער לאַנד, וועלכע וועט זיי קויפֿען. דער לעצטער קאָנגאָ-נעגער, וועלכער געהט היינט נאָך אַרום נאַקעט, וועט דאַן בעזיצען זיינע 50 יאַהר בוימוואָל-שטאָף און אַ ביקס; דער לעצטער פּאַפּואַ אין אויסטראַליען וועט טראָגען געלע שיך און אַ פּאַפּירענעם קאָלנער. דער אייראָפּעער

וועט זיך קויפען יעדע וואָך אַ נייעם אַנצוג, ווען ער וועט לעזען אַ צייטונג, וועט אַ מאַשינע איהם איבערמישען די בלעטער א.ז.וו.

דאָס וועט זיין דאָס גאָלדענע צייטאַלטער פון אונזערע נאַציאָנאַל־עקאָנאָמען, וועלכע טרוימען פון אַ פּראָדוקציאָן אָהנע גרענעצען און פון אַ קאָנסומציאָן אָהן אַ ציל. אין דיזעם גאָלדענען צייטאַלטער וועלען גאַנצע לענדער בעדעקט זיין מיט די קוימענס פון די פאַבריקען, אַנשטאַט מיט גרינע בוימער; די פעלקער וועלען זיך ערנעהרען מיט כעמישע עקסטראַקטען אַנשטאַט מיט ברויט און פלייש; מען וועט אַרבייטען 18 שטונדען אַ טאָג און שטאַרבען ניט וויסענדיג, אַז מען האָט איבערהויפט געלעבט.

אָבער פיליכט וועלען מיר ניט דאַרפען וואַרטען אויף דיזע גאָלדענע צייט, פיליכט וועט דער מענש שוין ענדליך אָנפאַנגען צו בעגרייפען, אַז די איינזייטיגע ענטוויקלונג פון דער מאָדערנער אינדוסטרי איז ניט מעהר ווי אַ מאַסען־זעלבסטמאָרד פון דער מענשהייט און אַלע אַרגומענטען פון די נאַציאָנאַל־עקאָנאָמען צו רעכטפערטיגען אַזאַ צושטאַנד, גרינדען זיך אויף בעטרוג און שווינדעל.

מען האָט שוין היינט אָנגעפאַנגען צו בעגרייפען, דאָס אַ פאָלק, וועלכעס פערקויפט זיין פרוכט און קאָרן אין אויסלאַנד, אַ פאָלק, וועלכעס פאָדערט מעהר פון דער ערד, ווי זי גיט איהר צוריק אין דער פאָרם פון אַנדערע שטאָפען, אַזאַ פאָלק מוז ווערען מיט דער צייט אָרעם און עלענד און ווען זיינע בירגער זאָלען זאַגאַר איינעהמען בערג מיט גאָלד אַ יאָהר.

ביסלעכווייז וועט מען אויך אָנפאַנגען צו בעגרייפען, אַז דער מאַסען־פערקויף פון אַרבייטס־קראַפט, דער פערקויף פון מוסקלען און נערווען אין דער געשטאַלט פון אינדוסטרי־פּראָדוקטען מאַכט אַ לאַנד מיט דער צייט אָרעם און אונגליקליך, ווי פיל געלד זיינע איינוואָהנער זאָלען דערפאַר ניט איננעהמען.

דער איראָפּעאישער פאַבריק־אַרבייטער איז שוין היינט דער שקלאַף פון דעם נעגער אין אַפריקאַ; ער שטילט זיין הונגער מיט קאַרטאָפלען און שנאַפּס, ער פערברייננגט זיין גאַנצעס לעבען אין אַ שמוציגער פאַבריק און שטאַרבט צולעצט פון דער שווינדזוכט, אום אַ ווילדער אין אַפריקאַ זאָל קענען לעבען בעקוועמער, ווי ער לעבט שוין יעצט. די פיבערהאַפטע אַרט און וויזע פון אונזער פּראָדוקטיווע טהעטיגקייט, וועלכע בעשעפטיגט זיך פיל צו ווייניג מיט דער פּראָדוקציאָן פון נאַהרונגס־מיטלען און וועלכע שאַפט אַ זאָגענאַנטע „איבערפּראָדוקציאָן" פון אינדוסטריעלע־אַרטיקלען, מוז צו לעצט שאַפען אַ נאַציאָן פון „געלד־רייכע" הונגער־ליידער. די וועלט וועט דאַן ערלעבען דאָס שוישפּיל פון אַ לאַנד, וואו אין יעדען צימער וועט שטעהן אַ פּיאַנאָ פון דער נייעסטער קאָנסטרוקציאָן, די מענשען וועלען זיך יעדען טאָג בענוצען מיט נייע קליידונגס־שטאָפען א.ז.וו. אָבער

זיי וועלען אַרומגעהען מיט קראַנקע לונגען, ניט האָבענדיג קיין מאַרך אין די ביינער און קיין בלוט אין די אָדערען.

# שלום.

די אַלגעמיינע אונצופרידענהייט מיט די יעצטיגע עקאָנאָמישע צושטענדע ענטוויקעלט זיך פון טאָג צו טאָג אַלס מעהר. דער בעזיצלאָזער פּראָלעטאַריער בעגרייפט, דאָס ער איז דער אייגענטליכער בעשעפער פון אַלע רייכטהימער און אימער הויבער און דייטליכער פאָדערט ער זיין אַנטהייל.

עס איז קיין צווייפעל, דאָס מיר שטעהען פאַר דעם אויסברוך פון גרויסע קאַטאַסטראָפען אין אונזערווירטשאַפטליכען לעבען און מיר וועלען באַלד ניט מעהר זיין אימשטאַנדע זיי לענגער אָבצוהאַלטען. אַזוי לאַנג ווי די מאַסען זיינען נאָך בעאיינפלוסט געוואָרען פון די רעליגיעזע אידעען, אַזוי לאַנג איז עס מעגליך געווען זיי צו טרייסטען מיט די אונבעשטימטע פערשפּרעכונגען פון אַ יענער וועלט. היינט אָבער, ווען דאָס ליכט דער אויפקלערונג בעלייכטעט אַלע ווינקלען פון אונזער דאַזיין, היינט ווערט די צאָהל פון די געדולדיגע אימער קלענער און עס גיט ניט מעהר פילע מענשען, וועלכע גלויבען, דאָס אַ געבעט האָט דעם־זעלבען ווערטה ווי אַ גוטער דינער און דאָס אַ פּלאַץ אין גן עדן איז בעסער ווי דער בעזיץ פון אַ פּרוכטבאַרען אַקער אויף דיזער וועלט.

די בעזיצלאָזע פאַנגען אָן זיך צו צעהלען און זיי געפינען אויס, דאָס זיי זיינען שטאַרקער און מעכטיגער פון די רייכע. זיי אונטערזוכען די קוועלען פון דעם מאָדערנען רייכטהום און קומען צו דעם שלוס, דאָס אויסבייטונג, ספּעקולאַציאָן און ירושה זיינען פּונקט אַזוי וויניג בערעכטיגט ווי רויב און גניבה.

די שטענדיגע פערגרעסערונג פון דעם סאָציאַלען עלענד און די אונערטרעגליכקייט פון אונזערע ווירטשאַפטליכע אונגערעכטיגקייטען איז דער פּרוכטבאַרסטער באָדען פאַר דעם זאָמען פון דער אַלגעמיינער אינצופרידענהייט; און אין דעם טאָג, ווען די מאַסע וועט בעגרייפען די ריכטיגע אורזאַכען פון זייער עלענד, גיט עס קיין מאַכט אין דער וועלט, וועלכע איז שטאַרק גענוג זיי צוריק צו האַלטען. דער הונגער איז איינע פון די וויניגע עלעמענטאַרע קרעפטען, וועלכע לאָזען זיך ניט פאַר אימער בעזיגען דורך דראָהונגען און פוסטע פערשפּרעכונגען. און דיזע קראַפט וועט אויך וואַהרשיינליך צושטערען די פונדאַמענטען פון די גאַנצע מאָדערנע געזעלשאַפט, וועלכע גרינדעט זיך אויף אַבערגלויבען און אויסבייטונג, מיט וועלכע די פילאָזאָפען קענען אַליין ניט פאַרטיג ווערען.

— ע נ ד ע —

